# פחד

זינט דער זון איז אַראָפּגעקומען אין סאָד אַריין, האָט די מוטער געהאַט אונטערגעשניטענע נעכט. דאָס מאָל האָט זיך עס אָנגעפאַנגען, ווען זי האָט זיך איבערגעוועקט צעטומלט פון אונטערדרימלען. צווישן די לאָנקעס האָט אַ באַן געקלאַפּט. דאָס קלאַפּן פון דער באַן האָט זי נאָך שטאַרקער צעטומלט, גלייך זי וואָלט זיך געפונען אין דער לויפנדיקער באַן און פאַרשלאָפן אַ סטאַציע, ווו זי האָט געדאַרפט אויסשטייגן.

— דער לעמבערגער, דער לעמבערגער, — האָט דער מאַן צווישן געטאָן — דער לעמבערגער צוג.

אין דעם סאָד־ביידל, ווו מאַן און ווייב האָבן געוווינט און גע־נעכטיקט דעם ווייפלטן זומער, איז דאָס קלאַפּן פון פאַרביילויפנדיקע באַנען פאַר זיי געווען ס׳זעלבע ווי אַ שטאָט־זייגער, וואָס קלאַפּט אויס יעדע שעה. באַנען זענען כסדר פאַרבייגעפאָרן דעם סאָד און פון באַגינען ביז איינשלאָפן ביינאַכט, האָבן זיי נאָר געוווּסט די צייט, לויט די פאַרביילויפנדיקע באַנען.

— דער לעמבערגער? — האָט די פרוי צעטומלט געפרעגט — הערשל איז נאָכנישט אַריינגעקומען?

— מ׳האָט דעם אמתן יונג, — איז געווען דעם מאַנס ענטפער — קלערסט ער׳ט אַמאָל קדיש זאָגן נאָך אונדז?

ס׳איז איר ענג געוואָרן פון פאַרדראָס און שרעק. נישט דעם מאַנס ווערטער, ווי אַזוי דער יונג וועט זיך אויפפירן נאָך איר טויט האָט זי פאַדראָסן און געשראָקן, נאָר וואָס דער זון מאַכט איר שויך אונטערגעשניטענע נעכט. זינט ער איז אַראָפּגעקומען אין סאָד אַריין, שלעפט ער זיך אַרום און ווערט כסדר פאַרפאַלן. וואָס איז מיט דעם יונג געשען? אַהערגעקומען איז ער דאָך אַן אויסגעהאָרעוועטער פון

# ביי פאַרשידענע טישן

יאָרן שטויב אין אַ פינסטערער סטאָלערײ אין וואַרשע, — האָט זי געטראַכט — דערצו האָט ער אונטערגעקרענקט חדשים אין צוויי שפּי־טעלער לעצטן ווינטער, איז פאַרוואָס זאָל ער נישט אויסרוען זיינע ביינער אינעם סאָד?

דאָס אַלץ האָט זי אָבער געקלערט פאַר זיך, פאַרן מאַן, וועלכער איז געלעגן אויף אויסגעשפּרייט שטרוי האָט זי דעם יונג פאַרטיידיקט.

— שבע, וואָס זאָגסטו צום קדיש?

— וואָס זאָל איך זאָגן? מסתמא וועט ער באַלד אַריינקומען, — האָט זי געענטפערט.

— וואָס הייסט מסתמא? פאַרענטפערטסט אים שוין? די גאַ־ליציאַנער באַן איז דאָך שוין געפאָרן.

— שלאָף, שלאָף. ווילסט דאָך באַגינען אַרויספירן קאַרשן אויפן מאַרק? — פרעגנדיק דאָס, איז זי אַרויס צווישן די ביימער. דער־נאָך איז זי ווידער געזעסן ביים טישל, אויף וועלכן ס׳האָט געברענט אַ נאַפּט לעמפּל. פון אַראָפּגעזעצטן פלעמל איז אויף די ווענט געוואָרן מער שאָטן ווי ליכט.

— ר׳ מרדכי, לייג דעם קאָפּ און שלאָף, — האָט שבע אַ זאָג געטאָן — זאָלן דיר נישט קריכן כלערליי משוגעתן אין דיין קאָפּ.

— הער נאַר, — האָט ער נישט אָפּגעלאָזט — ווייסט גאַרנישט, אַז ס׳ברענט? אַז ווייץ מיט קאָרן ווערט פאַרברענט אויפן פריצס פעלדער? דער פינפטער טאָג אַז מ׳דאַרף שניידן און מ׳שניידט נישט?

— יעצט נאָך אַ זאַך — האָט ער געזאָגט — ערשט נעכטן איז פאַרשווינדן אַ טייערע חיה, פונעם פריצס הויף. אין ערגעץ איז נישט צו קריגן אַזאַ טייערע חיה.

כאָטש פון זיין יעדן וואָרט איז אויף דער פרוי אַלץ מער פּחד געפאַלן, האָט זי זיך פונדעסטוועגן נישט פאַרלוירן.

— יעדן זומער זענען דיזעלבע געשיכטעס, — האָט זי רואיק אָפּגעענטפערט — ס׳קאָרן אויף די פעלדער האָט פאַראַיאָרן נישט געברענט? ס׳האָט געברענט. און אַ חיה זאָל פאַרשווינדן, איז אַ

נאָווינע? פֿאַראַיאָרן איז דען איין חיה פֿאַרשווינדן? הערשל איז דען געווען אין סאָד פֿאַראַיאָרן?

— רעד מיר נישט פֿון פֿאַראַיאָרן, דערצייל מיר נישט וועגן פֿאַראַיאָרן! זוך אויף דעם יונג! גיי אַרויס! — האָט מרדכי געשריגן — זוך אויף דעם מערדער!

און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפֿונען, פֿאַרוואָס דאָס ווייב פֿאָלגט נישט און גייט נישט אַרויס אויפֿזוכן דעם „מערדער". פּלוצים האָט ער אַרויסגעשלעפּט די הויזן פֿון צוקאָפּנס, פֿון כעס אָוועקגעקאָפּעט די פֿאַרשלאָפֿענע מעוברתע קאַץ, וועלכע טשאַטעוועט גאַנצע טעג אויף מייז מיט פֿייגל אין פֿעלד.

— כ'האָב וויפֿל מאָל געזאָגט נישט לייגן די הויזן צוקאָפּנס און דווקא לייגט ער זיי צוקאָפּנס. וווהין ווילסט גיין? — האָט ס'ווייב געפֿרעגט — דאַרפֿסט דאָך אויפֿשטיין באַגינען. ווילסט דאָך מאָרגן אַרויספֿירן קאַרשן אויפֿן מאַרק?

נאָכדעם האָט שוין שבע נישט געהאַט צו ווער צו רעדן. די אויסגעריבענע קאָלדרעס, וועלכע האָבן אַרומגעדעקט דעם מאַנס גוף אויפֿן געלעגער, זענען געווען אַראָפּגעשליידערט פֿונעם שטרוי און ווידער האָט זיך דערהערט אַ פֿאַרביילויפֿנדיקע באַן צווישן די לאַנקעס. צו וועלכער שטאָט די באַן איז געלאָפֿן — האָט שוין שבע נישט געוווסט. דער צוג איז געלאָפֿן מיט שטורם און אירע מחשבות זענען ווידער געווען אַזעלכע, גלייך זי וואָלט זיך געפֿונען אין איינעם פֿון די פֿאַרביילויפֿנדיקע וואַגאָנען און פֿאַרשפּעטיקט מיט אויסשטייגן אויף איר סטאַציע.

— מאַמע! — האָט זי פּלוצים דערהערט דעם זונס קול — וואָס זיצטו נאָך? וואָס איז געשען?

— הערשל? — האָט שבע נישט געגלויבט אירע אויגן — ביסט'אַ?

— אוודאי בין איך דאָ! ווער האָט עס געשריגן?

— רבונו של עולם, — האָט די מוטער אַרויסגערעדט — פֿונוואַנען קומסטו? ווו ביסטו געווען?

— אין סאָד. כ'בין געשלאָפֿן.

— אין סאַד? אין אונדזער סאַד? ביסט געשלאָפן?

און זי האָט דעם זון אַרומגענומען און אים געצערטלט ווי אַ שטוב קינד, וואָס איז ערגעץ געווען פאַרלוירן און פאַרבלאָנדזשעט.

— ווער האָט געשריגן? — האָט דער זון געוואָלט וויסן — ווו איז דער טאַטע?

— אַרויסגעגאַנגען.

— וווהין איז ער אַרויסגעגאַנגען?

— דיך אויפזוכן.

— מיך אויפזוכן? וואָס איז געשען? ווי שפּעט איז דען?

— גענוג שפּעט. דער לעמבערגער צוג איז שוין פאַרבייגעפאָרן. דער לעמבערגער צוג...

— הערשל, געדענק, — האָט זי אַ זאָג געטאָן נאָך אַ פּויזע — דערבאַרים זיך אויף מיר. דער טאַטע איז אויס מענטש פון אַריינ־קלערן. דער טאַטע האָט מורא.

— וואָס מיינסטו? פאַר וועמען האָט ער מורא?

— דער טאַטע האָט מורא. ער רעדט, דו גייסט מיט פאַראַבקעס. מ׳קען אונדז פון סאַד אַרויסטרייבן.

— מאַמע, לאָז מיך, — האָט דער יונג זיך געריסן פון דער מוטערס הענט — כ׳ווייס נישט וואָס דו מיינסט. לאָמיך אויפזיכן דעם טאַטן.

— ניין, הערשל, גיי נישט אין ערגעץ. דער טאַטע וועט אַליין צוריקטרעפן.

כאָטש אין זיך איז זי צופרידן געווען וואָס דער יונג רייסט זיך אויפצוזוכן דעם פאָטער, האָט זי אָבער אַלץ פּרובירט אָפּצוהאַלטן אים פון אַרויסגיין. „גיי נישט אין ערגעץ" — האָט זי אַלץ געבעטן. אָבער דעם יונג איז נישט געווען אָפּצוהאַלטן. ער האָט זיך פאַרגע־שטעלט ווי דער פאָטער בלאָנדזשעט ערגעץ אויפן פינסטערן שאָסעי. אפשר איז דער פאָטער גאָר געלאָפן זוכן צו דער זומער־דאַטשע? „דער רוח ווייסט אים" — האָט די מוטער אַרויסגערעדט. אינדעם האָבן זיך דערהערט טריט פון דרויסן. „אָט גייט ער". שבע האָט דער־

קענט דעם מאַנס גאַנג. באַלד האָט זי אַרויפגעדרייט די ברענענדיקע קנויט אין לאָמפּ, און באַלד האָט זי אויפן טישל אַרויפגעשיט פרישע קאַרשן, אָפּגעריסענע פון בייטאָג און פון דעם קויש, וואָס דער מאַן האָט געהאַט צוגעגרייט אַרויסצופירן אויפן מאַרק באַגינען. לאַנג־זאַם האָט דער יונג גענומען איינבייסן קאַרש נאָך קאַרש. דער פאָ־טער האָט זיך אַלץ נישט געוויזן אין ביידל. זיינע טריט פונדרויסן האָבן זיך נישט געהערט מער. דערפאַר האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט זיין קול. הערשל האָט מיטאַמאָל דערזען דעם פאָטערס פּנים פאַר־ענדערט און געעלטערט.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל אינעם ביידל.

— איך פאַרשטיי גאָרנישט, וואָס דאָ איז אַזוינס, — האָט הערשל זיך געוואָלט פאַרענטפערן.

— וואָס דאָ איז אַזוינס? — האָט דער פאָטער זיך אַראָפּגעזעצט אויפן געלעגער שטרוי — וואָס דאָ איז אַזוינס? ביים פּריץ איז פאַר־שווינדן אַ טייערע חיה. דער זעקסטער טאָג, אַז מ׳האָט געדאַרפט אָנהויבן שניט אויף די פעלדער... ער פאַרשטייט גאָרנישט וואָס דאָ איז אַזוינס?

— ס׳אַראַ שותּף איז דער טאַטע מיטן פּריצס פעלדער? כ׳פאַר־שטיי נישט וואָס דער טאַטע זאָרגט פאַרן פּריץ? דער פּריץ זאָרגט עפּעס וועגן טאַטן?

— ר׳ מרדכי, גיי שלאָפן, — האָט די פרוי זיך אָנגערופן — ווילסט דאָך אויפשטיין באַגינען? ווילסט דאָך מאָרגן אַרויספירן די קאַרשן אויפן מאַרק?

— כ׳האָב שוין געהערט, כ׳האָב שוין געהערט! איכ׳ל אויפשטיין באַגינען און דער קדיש וועט זיך אַרומשלעפן גאַנצע נעכט?

— וואָס וועט זיין דער סוף? — האָט ער געפרעגט — דער סוף וועט זיין, מ׳עט מיך אַרויסטרייבן פונדאַנען... מיין גאַנץ ביסל האָרעוואַניע, מיין גאַנץ לעבן, שטעקט אין די ביימער. אַלץ אין די ביימער. און דאָס שלעפּט זיך אַרום מיט שקצים פון דאָרף.

— פונוואַנען ביסטו זיכער, אַז מיט שקצים? — האָט הערשל

אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו די קאַרשן אויפן טישל — אפשר בין איך געווען מיט אַ מײדל?

— מיט אַ מײדל? הע, הע! — האָט דער אַלטער שפּאַטיש אויס־געררופן — מיט אַ מײדל!

— פונוואַנען ווייסטו, אַז נישט? — האָט שבע געפרעגט — אפשר טאַקע מיט אַ מײדל? עס קומט אים נישט? ביסט קײנמאָל נישט געגאַנגען מיט מײדלעך, ביסט געווען אין זײַנע יאָרן?

— זאָלסט אים נאָר פאַרענטפערן... צוליב דעם יונג וועט מ׳נאָך אַרומגײן מיט טאָרבעס אין די הײזער. דער פריץ וועט שוין מאַכן מיר זאָלן אַרומגײן מיט טאָרבעס.

בײַ די לעצטע ווערטער האָט דעם אַלטן געפּאַקט אַ הוסט. ער איז אויפגעשטאַנען און זיך געדרייט אַן אײנגעקאָרטשעטער מיט רוגזה־בליקן צום זון און צום ווײַב.

— גאַנץ גוט אַזוי, גאַנץ גוט אַזוי, — האָט ס׳ווײַב אים אונטער־געטראָגן אַביסל קאַלטע מילך, איבערגעבליבענע פון וויעטשערע — אַז אַ מענטש לויפט אַרום בײַנאַכט.

— ווינציק זענען מיר פון אים אויסגעשטאַנען? ווינציק האָב איך אים געשיקט, ווען ער איז אַוועק לערנען סטאָלערײַ? — האָט דער פאָטער נישט געקענט שטילן זײַן פאַרדראָס — און קדיש וועט ער אַמאָל זאָגן?

— מרדכי, מרדכי! האָט די פרוי געררופן.

שטיל איז זי ערשט געוואָרן, ווען דער מאַן איז צוריקגעלעגן אויף דער אויסגעשפּרייטער קופּע שטרוי, מיט דער מ׳עוברתער קאָץ צופוסנס און מיט די אויסגעטאָענע הויזן צוקאָפּנס. און דער יונג, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט, איז זיך רואיק געשטאַנען, געשמייכלט און געשלונגען די פינקלענדיקע, פרישע קאַרשן פון טישל.

# גוטע ברידער

ענדע מאַי איז דער מאָלער דאַוויד אַריינגעפאָרן אין שטעטל קאָזשימיעזש, דאָרט געדונגען אַ צימער און געאַרבעט צוויי חדשים צייט. נאָכדעם איז ער יעדן פרימאָרגן מיט זיין העלענע אַוועק שווימען אין דער ווייסל, און כמעט ביז זונאונטערגאַנג, זיך געוואַרעמט און זיך געקילט אויף די העלע טייך זאַמדן. נאָר איין פריימאָרגן איז דאַוויד פאַרבליבן אין שטוב און אַלע בילדער, וועלכע ער האָט דורך פריערדיקע וואָכן געהאַט געמאָלן און אפשר אַ צוויי באַטראַכט פאַר געראָטענע צו אַן אויסשטעלונג — זענען שוין געלעגן צונויפגעפאַקטע, אַרומגעבונדענע מיט שטריק, נאָך איידער העלענע איז צוריקגעקומען פון טייך.

— מירן אַהיימפאָרן, — האָט דאַוויד דערקלערט — כ׳האָב צופיל קאָלעגן אין דעם שטעטל.

— קודם נעם אַראָפּ די שטריק פון די בילדער, כ׳קען נישט קוקן אויף די שטריק, און וואָס טשעפּען דיך אַנדערע מאָלער? — האָט העלענע געוואָלט וויסן — אַט טרעף איך פון טאָג צו טאָג מער מענטשן אין דער ווייסל, זאָל איך דעריבער נישט גיין שווימען?

און געענדיקט האָט זיך עס מיט צוריק אויפהענגען די בילדער אויף די ווענט און אין די פרימאָרגנס איז ער ווידער מיט איר אַרויס אויף די העלע טייך זאַמדן. צוריקוועגס פון די זאַמדן, פלעגט זי אים טיילמאָל פאַרלירן אין אַ געסל; דאַוויד פלעגט דערזען אַ פּאָר קאָלעגן מיט מאָל־מכשירים אונטערן פרייען הימל — פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן זיי צוקאָפּנס, אַזוי זיי באַדויערן, גלייך מ׳וואָלט זיי נאָר וואָס אַרויסגעשלעפּט דערטרונקענע פון טייך.

— פאַרוועמען מאַכסטו דאָס? — האָט ער געפרעגט ביים מאָלער קאַפּלאַן — אַ באַנקיר האָט דאָס באַשטעלט?

יאַנקל קאַפּלאַן, אַ געוועזענער סאָלדאַט, האָט דאָס פון דאַווידן געהערט נישט בלויז אין גאַס, אונטערן פרייען הימל. ביידע האָבן געוווינט אונטער איין דאַך, טיר ביי טיר, און יעדעס מאָל ווען איין

שכנס שטוב האָט זיך באַוויזן אַ ניי געמאָלן בילד, אַ נייע סקיצע, האָט דאַוויד נאָר געוואָלט וויסן: „פאַר וועלכן באַנקיר", האָט עס קאַפּלאַן געמאָלן? און געפרעגט האָט ער עס דאַמאָלט, ווען חוהלע איז דערביי געווען.

— וואָס וויל ער דאָ? — האָט חוהלע דערנאָך געהאַט טענות צו קאַפּלאַנען — ווער דאַרף אים דאָ?

— עפּעס מוטשעט אים, ער אַרבעט נישט, — האָט קאַפּלאַן אים פאַרטיידיקט — און וואָס טוט ער דיר?

— וואָס ער טוט? ער לאַכט דאָך פון דיינע בילדער!

— איז וואָס, אַז ער לאַכט? ווייַנען זאָל ער? — און דער געוועזענער סאָלדאַט האָט איר פּרובירט דערקלערן, אַז דאַוויד איז אים אויך ליב מיט זיין אָפּלאַכן.

— איך פאַרשטיי מיך נישט אויף דעם, — האָט חוהלע גע־ענטפערט.

כמעט צוויי יאָר איז זי געווען זיין פרוי אומפאַרהייראַט, און די זומער ווינונג מיט אַלע פאַרבן וואָס קאַפּלאַן האָט פאַרברויכט — אַלץ איז געווען פונעם געלט וואָס זי האָט פאַרדינט ביים נייען דאַמען־היטן אין וואַרשע. און ביי יעדן נייעם בילד וואָס איז אַרויס פון קאַפּלאַנס הענט איז זי דערביי געשטאַנען, ווי אַ שותפטע צו אַ נייער געבוירטע. אַן דעם מיידל — האָט דאַוויד געוווסט — וואָלט דער יונג קאַפּלאַן געלעגן „ביין איילן פאַרקאָפּעט" — האָט ער אַמאָל געוואָלט וויסן איר מבינות וועגן קאַפּלאַנס מאלערייען, האָט זי גע־הויבן אַן אַקסל און געשמייכלט:

— איך קען מיך דען אויף בילדער? פרויען אין אונדזער משפחה קענען זיך נאָר אויף דאַמען־היטן. אַלע זענען היטן־מאַכערינס.

— אַן אמת? — האָט דאַוויד געפרעגט.

— אַן אמת. איך בין פון אַזאַ משפחה. נאָר איין מומע, איז ביי אונדז אַ שייטל־מאַכערין.

פאַר אַזאַ ענטפער האָט דאַוויד זי רעספּעקטירט, ווי פאַר אמתער מבינות און איר נאָך געצייכנט אַ פּאָרטרעט אַלס מתנה. נאָר דאָס

אַלץ איז געווען מיט אַ צייט צוריק, בעת דאַוויד איז נאָך געזעסן מיט זיינע מכשירים אין די בערג, אָדער אין אַנדערע מקומות, ביי דער ווייסל. אָבער זינט ער האָט אויפגעהערט מאַלן, האָט ער זי מער נישט געשאַנעוועט און זי האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס קאַפּלאַן פאַרבלייבט אַזוי אומבאַרירט און קיל ווען יענער לאַכט פון זיינע ביל־דער. דאָס לאַכן האָט קאַפּלאַן באַטראַכט פאַר פאַראיבערגייענדיק. ער האָט געדענקט אַנדערע טעג מיט דאַווידן, ווען יענער איז געווען זיין רבי. און קאַפּלאַן האָט אַלץ געהאָפט, אַז זיין געוועזענער רבי דאַוויד וועט אָוועקוואַרפן וואָס „מוטשעט אים" און פון ס'ביי אַרויס מיט זיינע מכשירים אונטערן פרייען הימל. דערווייל האָט עפּעס אַנדערש פּאַסירט. אָנגעפאַנגען האָט זיך עס איינמאָל נאָך זונאונטערגאַנג, ווען דאַוויד איז אַהיימגעקומען פון די זאַמדן און באַמערקט אַ פרעמדן מאַן אַרויסגיין פון שכנס שטוב.

— דער מאַן קומט פון אַמעריקע, — האָט קאַפּלאַן צווויסן געטאָן — ער וויל קויפן בילדער ביי מיר.

— אַן אַמעריקאַנער וויל קויפן בילדער? אַן אַמעריקאַנער? — האָט דאַוויד אָוועקגעמאַכט — וויפל אַמעריקאַנער מיינסטו, האָבן גע־וואָלט אָפּקויפן בילדער פון מיינע אויסשטעלונגען? אפשר צוואַנציק דרייסיק האָבן געוואָלט. האָבן זיי אַזוי לאַנג געוואָלט, ביז זייערע וויזעס זענען אויסגעגאַנגען און זיי זענען צוריק קיין אַמעריקע — גאָט צו דאַנק!

— דער אַמעריקאַנער וועט קויפן, — האָט קאַפּלאַן פאַרזי־כערט — מאָרגן וועט ער זיין ביי מיר.

אויפצומאָרגנס האָט דאַוויד געוואָלט זען דעם אויסלענדער. ס'איז געווען אינדערפרי. דאָס פענסטער פון יאַנקל קאַפּלאַנס צימער איז געווען געעפנט צו אַ סאָד מיט שיטערע בוימער און עס האָט זיך געזען די ווייסל מיט ווייטע בערג פון אַנדערן ברעג טייך. מענטשן זענען דאָרט געגאַנגען אין די באַרג־סטעזשקעס. די זון האָט דאָרט איבער אַלעם געלויכטן און אויך געבלענדט די אָנגעשטעלטע טע־לער, גאָפּל מיט מעסערס אויף קאַפּלאַנס טיש. און קאַפּלאַן, האַלב

נאָקעט, נאָר־וואָס פון אַ שיסל וואַסער אַוועק, האָט זיך מאַסאַזשירט ס'לייב מיט אַ האַנטעך. ער האָט עס געטאָן מיט קאַזאַרמישן טומל, ווי אַן איבעראַשטער סאָלדאַט, וואָס האָט זיך אַהיימגעכאַפּט אויף אורלויב פון מיליטערישע קאַשאַרן. דעם פרימאָרגן איז ער געווען לוסטיק פון האָפענונגען. אויך פאַר חוהלען איז דער פרימאָרגן געווען אַנדערש פון פריערדיקע פרימאָרגנס. ביז דעם מאָל האָט קאַפּלאַן זי אויסגעהיט פון פרי אויפשטיין. „זי איז אויסגעהאָרעוועט נאָכן סעזאָן פון דאַמישע קאַפּריזן" — האָט ער געטראַכט — פון יאָגנדיקער אַרבעט אין וואַרשע. דאָס מאָל האָט ער זי פרי אויפגעוועקט אויפצורוימען דאָס צימער. דערווייל האָט זי נאָר געהאַט האַלב צוגערוימט, האַלב נאָך צום אויפרוימען. אַנגעטאָן אין יואַלענעם מאָרגנראָק, איז זי געשטאַנען און געפּרעגלט אַ פּאַטעלני־ע פישלעך אויף די פלאַמען פון אַ פּרימוס מאַשינקע. יעדעס אָנגעפּרעגלטע פישל האָט זי אַראָפּגעלייגט אויף אַ טעלער, דערציילנדיק וועגן דעם אַלטן, טויבליכן קריסט, וועלכער ברענגט די פישלעך יעדן פאַרנאַכט.

— דער יונג האָט מזל! פישלעך, פּרעגלט זי פאַר אים אויפן ניכטערן מעגעלע! — האָט דאַוויד גערעדט, שטייענדיק מיט פאַרמרוזשעטע אויגן צו די ווייטע בערג וווהין ער האָט זיך אַמאָל געוואָלט אַריבערשיפן מיט זיינע מאָל־מכשירים. — איר הערט אַ מעשה? איר הערט גאַרנישט? איר ווייסט גאָרנישט? — האָט ער זיך פלוצים דערנענטערט צו חוהלען, ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פרעגלען און געשטעלט די געפּרעגלטע פישלעך אויפן טיש — איר הערט גאַרנישט? אייער יאַנקעלע זעלנער, וויל מיר איינרעדן, אַז דער אַמעריקאַנער וועט קויפן בילדער.

— ער וועט ביי מיר קויפן, — האָט קאַפּלאַן געענטפערט — ער וועט באַלד אַהער קומען פון פּענסיאָנאַט.

— יאָ, יאָ! — האָט חוהלע צוגעשטימט — דער אַמעריקאַנער זעט אויס אַ סאָלידער. אַ גאַר סאָלידער...

— אַזוי? — האָט דאַוויד געפרעגט — איר קענט זיך אַפילו נישט אויף קאַ בילד, פונוואַנען קענט איר זיך אויף אַמעריקאַנער?

— איר זענט נאָך מסתמא נישט קיין געפרישטיקטער ? עסט מיט אונדז, פּאַניע דאַוויד. כ'האָב פרישע פישלעך, — האָט חולהע אַנגעוויזן אויפן געפּאַקטן טעלער פיש — ביר האָבן מיר אויך.

— אַנומלט, — האָט דאַוויד אַ זאָג געטאָן — בין איך אַרויס אין די בערג מיט אַ פּאָר ברידער. זיי האָבן זיך געאַמפּערט וועגן תורה... האָב איך געהערט זיי פאַרמאָגן תורה. אָבער שכל ? אונדזערע ברידער האָבן שטענדיק מער תורה ווי שכל. מיט דיר, קאַפּלאַן, איז פּונקט ס'זעלבע. ביי דער מאַלעריי פאַרלירסטו דיין ביסל פאַרשטאַנד.

— דאַוויד, דאַוויד ! רעדט נישט אַזויפיל ! — האָט חוהלע באַפוילן — זעצט זיך נאָר ! איר וועט עסן פיש מיט אונדז !

— די נאַכט בין איך שלעכט געשלאָפן. פּאַסקודנע געשיכטעס האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט היינטיקע נאַכט. גענערעלער האָבן מיך כסדר אַרומגעיאָגט — האָט דאַוויד אַרויסגעזיפצט — כ'פאַרשטיי נישט פונוואַנען ס'קומען צו מיר גענערעלער. צווישן מיינע פּאָרטרעטן איז קיין איין גענעראַל נישט בנמצא.

— זאָגסט נישט דעם אמת, — האָט קאַפּלאַן זיך אָנגערופן — צווישן דיינע פּאָרטרעטן געפינט זיך אַפילו אַ קאָפּ פון אַ קיסר.

— דער קאָפּ איז פאַרשווינדן זינט מיין לעצטער אויסשטעלונג. באַלד דריי יאָר. פונוואַנען קומען צו מיר גענערעלער ? און פאַר וואָס האָבן זיי מיך געיאָגט ?

אויף איין טעלער האָט חוהלע פאַר אים צוגעשטעלט פיש מיט סאַלאַד, אויף אַ צווייטן — זעמל מיט ברויט. דאַוויד איז אַנטשוויגן געוואָרן וועגן די „געחלומטע גענערעלער" אָבער נאָך עטלעכע ביס פון זעמל מיט פיש האָט ער פּלוצים אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל און אַראָפּגעלאָזט די הענט. עפּעס האָט אַ טשעפּע געטאָן זיינע אויגן, עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט פריער נישט באַמערקט : קאַפּלאַנס אַ נייַ בילד האָט ער דערזען. יעדעס נייע בילד ביים קאָלעגע האָט אים שטענדיק צעטומלט. דאָס מאָל איז ער נישט בלויז צעטומלט געוואָרן צוליבן נייעם בילד. ס'איז געווען דער פאַרדראָס, וואָס קאַפּלאַן האָט אים גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם בילד... „כ'וועל אים דערפאַר דער-

לאַנגגען" — האָט ער אָפּגעמאַכט במחשבה. און אויפשטייענדיק האָט ער זיך נישט גלייך דערנענטערט צום אומבאַקאַנטן, נייעם בילד, נאָר זיך קודם איינגעקוקט אין אַלע באַקאַנטע בילדער אויף די ווענט, גלייך ער וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל.

— אַ ניי בילד, דער אַמעריקאַנער וועט עס קויפן! — איז קאַפּלאַן אויך אויפגעשטאַנען פון טיש — אין דעם בילד איז אַלץ ניי.

— ווער פרעגט דעך קאַצמעלאַך! זאָג מיר נישט וואָס דאָס איז! ווער ס'וועט עס קויפן, דאַרף איך אויך נישט וויסן. מאָלסט נאָכאַנאַנד, גלייך ס'וואָלט ערשט געהאַלטן ביי מודה אני אויף דער וועלט...

קאַפּלאַן איז געשטאַנען און פאַרבאָרגן געפיבערט צו הערן אַנ־דערע ווערטער. און דאַוויד? דאַוויד האָט אויסגעזען ווי עמיצער וואָלט אַריינגערויכערט אין זיינע אויגן און אַלץ גערעדט אַזעלכעס, וואָס קאַפּלאַן האָט גאָרנישט דערוואַרט.

— גאַנץ פיין, — האָט דאַוויד געזאָגט — אַ גאַנץ פיינע חורבה האָסטו געמאַכט. די חורבה איז אַ פיין איבערבלייבעניש נאָכן קעניג קאַזשמיעזש מיט זיין געליבטער אסתר. אַ פיין קעניגליך איבער־בלייבעניש — און דערוויטערנדיק זיך פונעם בילד האָט ער ווידער אָנגעהויבן וועגן זיינע חלומות ביינאַכט:

— וואָס מיינען מיינע געשיכטעס מיט גענערעלער ביינאַכט? פונוואַנען קומען צו מיר גענערעלער? פאַרוואָס האָבן זיי מיך גע־יאָגט?

קאַפּלאַן האָט אַרויסגעלאַכט. חוהלע האָט אַ זאָג געטאָן:

— פאַרגעסט די גענערעלער, פאַניע דאַוויד, — האָט זי אים פאַר אַ האַנט גענומען און אים צוגעפירט צום טיש — ענדיקט נאָר פון טעלער, אַז איר האָט אָנגעהויבן, זאָלט איר ענדיקן.

— מוחל, מוחל! — האָט דאַוויד נישט געוואָלט. — נאָך אַזאַ נאַכט מיט אַזאַ קאָמפּאַניע? ווען עך זעט ווי די אַלע גענערעלער האָבן מיך געיאָגט. און דאָ מאָלט מ'נאָך איבערבלייבענישן פון אַ קעניג. ס'אַ מורא צו טראַכטן!

— כ׳האָב כסדר ביטערע חלומות דעם זומער, — האָט ער פאַר־געזעצט — מיט אַכט טעג צוריק, כ׳געדענק נישט גענוי, האָב איך מיין פאַרמעגן אַרומגענומען מיט שטריק... אַלע מיינע בילדער האָב איך געהאַט איינגעפּאַקט. כ׳האָב געוואָלט צוריקפאָרן קאַ וואַרשע. איז געקומען העלענע און זיך געכאַפּט ביים קאָפּ. דו, יאַנקעלע זעל־נער, וועסט אויך בלייבן מיט אַ קאָפּ, ווען דיין אַמעריקאַנער וועט שוין זיצן אויף דער שיף.

— כ׳האָב דיר פריער דערקלערט, אַז מיט דעם אַמעריקאַנער בין איך זיכער. פאַרשטייסט וואָס איך זאָג? — האָט קאַפּלאַן גע־פרעגט — כ׳האָב אַלע סמנים, אַז דער אַמעריקאַנער וועט נאָך צאָלן אַ הויכן פרייז... און דווקא פאַר דעם בילד, וואָס דו האָסט נישט דערוועגן קאַ גוט וואָרט.

— אין אינדיע איז פאַראַן אַ שפּריכוואָרט: — חלומות... ביי מיר האָבן שוין הונדערט אַמעריקאַנער געוואָלט קויפן...

— דער איינער וועט מער קויפן פון דיינע הונדערט! אָט גיי איך באַלד צו אים. ער האָט מיך געבעטן קומען.

— וואָס? — איז דאַוויד געוואָרן אַן אַנגעצונדענער — דו זאָלסט נאָך גיין צו אים? זאָלסט נישט זאָן קאַ קאַצמעלאַך! כ׳האָב מער געהונגערט פון דיר, בין איך צו עמיצן געגאַנגען?

און ער האָט קאַפּלאַנען נישט אַרויסגעלאָזט איבער דער שוועל, ווי ער זאָל דעם קאָלעגע אָפּהאַלטן פון זעלבסטמאָרד. עס האָט אַזוי געדויערט אַ צייט, ביז עס האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג פון קאָ־רידאָר — העלענעס געזאַנג. סיי ביים קומען פון די זאַמדן אויף דער ווייסל, סיי ביים קומען מיט אַ קיישל פּראָדוקטן פון מאַרק — פלעגט זי אַלעמאָל זינגען און אַלעמאָל רופן: „דאַוויד, דאַוויד!״ דאָס מאָל האָט זי אויך גערופן. דאַוויד איז אַרויס צו איר. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין קאַפּלאַנס שטוב — האָט ער שוין געטראָפן אַ מאַן מיט אַ צוגעברוינט געזיכט פון זון און פון באַרגלופט. „דער אַמעריקאַנער״ — האָט דאַוויד זיך משער געווען און ס׳איז אים

שוין געווען גלייכגילטיק צי קאַפּלאַן איז נאָך דעם אַמעריקאַנער געגאַנגען, אָדער יענער איז אַליין געקומען.

— מיסטער ליפּסאָן, באַקענט אַ באַוווסטן מאלער, — האָט קאַפּלאַן אָנגעוויזן אויף דאַווידן — אַ יאָר צוואַנציק, אַז מ׳הערט שוין פון אים אין פּאַריז...

— אָ! — האָט מיסטער ליפּסאָן זיך געוווּנדערט — צוואַנציק יאָר אַז מ׳ווייסט פון אייך אין אויסלאַנד?

— יאָ! — האָט דאַוויד אויסגעשטרעקט אַ האַנט צום גאַסט — ווען כ׳האָב אָנגעהויבן לייגן תפילין, האָט מ׳שוין אין פּאַריז גערעדט וועגן מיר...

— און דערצו איז ער נאָך פּאָרזיצער פון מאלער פאַריין! — האָט קאַפּלאַן צוגעגעבן — אַלץ האָט ער אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט...

— אַ יוניאָן מאַן? — האָט עס דעם גאַסט נאָכמער געחידושט — אַ יוניאָן מאַן? ביי אונדז אַ יוניאָן מענטש, נעמט אַ פּיינעם געהאַלט!

— אַלץ גייט גרויס אין אייער מדינה, — האָט דאַוויד אַ זאָג געטאָן און געוואָלט וויסן, אויב מיסטער ליפּסאָן איז אַ געבוירענער אין אַמעריקע.

— נאָ, נאָ! אָט איז מיין געבורט אָרט... איר זעט דעם סאָד? — האָט ליפּסאָן אָנגעוויזן אינדרויסן אַרויס — מיינע עלטערן פּלעגן אָפּדינגען דעם סאָד... קעגנאיבער דער שול שטייט נאָך ס׳הייזל, ווו מיר האָבן געוווינט... כ׳וויל אַ בילד פון דעם הייזל. קענט איר דאָס אויספירן פריינט קאַפּלאַן?

— מיין קאָלעגע קען אַלץ — האָט דאַוויד פאַרזיכערט — ס׳גאַנצע שטעטל קען ער אייך צושטעלן אין בילדער.

אין מינוטן אַרום זענען די מענער געזעסן ביים טיש און געטרונקען קאַלט ביר פון טיי גלעזער. פון איין טרונק צום אַנדערן האָט מיסטער ליפּסאָן אי גערעדט, אי באַטראַכט קאַפּלאַנס בילדער אויף די ווענט. פלוצים האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי דאַווידן:

— אייער יוניאָן, גיט זי כאָטש דעם פריינט קאַפּלאַן אַ לעבן

צו מאַכן? פאַר אַזאַ ווייבל, ווי פריינט קאַפּלאַנס, דאַרף מען מאַכן אַ לעבן...

— זיי מאַכן אַ לעבן! — האָט דאַוויד אָפּגעענטפערט — זיי לעבן שוין איינמאָל אַ לעבן! איר זעט דאָס פּנימל? אַ זעקל געלט קאָסט דאָס פּנימל איבערן זומער... וואָס מיינט איר? מיט אַזאַ פרוי? אויב אייער הייזל וועט אַרויס געראָטן, וועט עס קאָסטן עטלעכע הונ־דערטער! אפשר טאָפּלט! און אפשר נאָכמער ווי טאָפּלט!

— ער שרעקט מיך שוין! ווי אַן אמתער יוניאָן מאַן! — האָט דער אַמעריקאַנער געלאַכט.

— הערט אים נישט, מיסטער ליפּסאָן! — האָט קאַפּלאַן גע־שמייכלט — ער שפּאַסט, מיין קאָלעגע. אַזאַ טבע האָט ער שוין, ווען ער טרינקט אַפילו נישט קיין ביר.

— אייער פריינט געפעלט מיר, — האָט מיסטער ליפּסאָן זיך נישט פאַרלוירן — ער געפעלט מיר. אַ יוניאָן מאַן ביי אונדז רעדט אויך אַזוי... איר, פריינט קאַפּלאַן, מאָלט נאָר ס׳הייזל, וועל איך צאָלן דאָלאַרן. אַזאַ מאַן בין איך.

— ריכטיק! — האָט דאַוויד צוגעפּאַטשט. אָנווייזנדיק אויף די ווענט מיט בילדער האָט ער געזאָגט: — מיין קאָלעגע זאָל די אַלע בילדער אַריבערפירן אין אייער מדינה, וואָלט ער איינקאַסירט אַ פאַרמעגן.. זעט נאָר די רואינען, מיסטער! אין אַמעריקע איז אַזוינס בנמצא? ס׳איז אַן איבערבלייבעניש נאָכן גרויסן קאַזשימיעזש, די רואינען...

— מיר דאַרף מען נישט דערציילן! ביי דער רואין בין איך אַרומגעלאָפן מער פון אייך און איך קען זי בעסער פון אייך אַלעמען! — אַפילו אין אַמעריקע געדענק איך די רואין. פאַר דער רואין מיטן הייזל וועל איך צאָלן דאָלאַרן... מאַכט נאָר פאַרטיק דאָס הייזל, וועל איך מיר ביידע בילדער אַהיימפירן.

ביים טיש האָט מען אויפגעקאָרקעוועט פרישע פלעשער ביר. עס האָט פון זיי געזעצט מיט קאַלטן שוים און אַלץ וואָס מיסטער

ליפּסאָן האָט צוגעזאָגט וועגן „הייזל און וועגן דער רואין” האָט דאָוויד במחשבה אויך באַטראַכט פּאַר שוים...

אַ צוויי שעה שפּעטער איז ער שוין געווען אויף די הייסע וויסל־זאַמדן. ביים צוריקגיין דורך די געסלעך האָט ער זיך אויפּסניי אָוועקגעשטעלט אַ פּאָר מאלער צוקאָפּנס, זיי אויפּסניי באַדויערט, גלייך מ׳וואָלט זיי נאָר וואָס אַרויסגעשלעפּט דערטרונקענע פון טייך...

# די נייע מאַכט

טאָג נאָכאַנאַנד איז זעליק סעגאַל נישט אַרויס פון שלאָפשטוב. טיילמאָל פלעגט ער אַ רוף טאָן ס'דינסטמיידל, פאַרגעסנדיק, אַז ס'זע־נען שוין פיל פרימאָרגנס פאַרביי ווי דאָס מיידל האָט אים מער נישט אונטערגעטראָגן „ס'גלאָז קאַווע מיט זעמל" אויפן טיש און זינט די שטאָט איז געוואָרן סאָוויעטיש, פאַרנעמט זי אַליין אַ צימער אין זיין הויז און ער קען איר קיין „הויך וואָרט" נישט זאָגן.

אָבער נישט מיט דעם דינסטמיידל אַליין האָט ער אַזוי געהאַט. נאָך עמיצער האָט פאַרנומען אַ צימער אין זיין הויז. יענער איז געקומען מיט אַן „אָרדער". דעם „אָרדער" מיט יענעמס פּנים האָט ער רעכט נישט אָנגעקוקט. אין זיין זכרון איז נאָר פאַרבליבן: יענעמס שוואַרץ היטל מיטן אַרויפגעריסענעם דאַשעק.

און זינט דער מיטן אַרויפגעריסענעם דאַשעק געפינט זיך אונ־טער זיין דאַך האָט נאָך סעגאַל נישט געשמועסט מיט אים, כאָטש ס'ווייב מיט דער טאָכטער, ווייסט ער, שאַרן זיך אַרום דעם מענטש, לאַכן מיט אים און רחלע די טאָכטער גייט מיט אים אין קינאָ, שפּאַ־צירט מיט אים אין די גאַסן. אָבער ער, סעגאַל?

— וואָס איז דאָ געוואָרן פון מיין הויז? ווער איז דער יונג? — פלעגט סעגאַל פרעגן ביים ווייב — וואָס טוט זיך עס דאָ?

— דורך דעם קוואַרטיראַנט קען מען עפּעס אויפטאָן. וואָס האָסטו זיך אָוועקגעלייגט? — האָט ס'ווייב געטענהט — אויב נישט אייגענע קראַמען, וועלן דאָך זיין אַנדערע. עפּעס וועט דאָך ווערן?

נייך, קיין פערטל פון אירע רייד האָט סעגאַל נישט געוואָלט אויסהערן. נאָר ווען ס'ווייב האָט גענומען אויסרעכענען נעמען פון קרעמער, וועלכע „אַרבעטן" שוין — דאַמאָלט האָט זעליק סעגאַל יאָ אַרויסגעוויזן אַ ביסל אינטערעס, אָבער דאָס איז נאָר געווען צוליב דעם, כדי איר באַלד אויפצווייזן, אַז אַלע קרעמער וועלכע „אַרבעטן

שוין״ זענען געווען גאַנץ אַן אַנדער וואַרע. זענען זיי? צו קרעמערייען האָבן זיי זיך געוואָרפן, ווייל ביי זייערע פאַכן איז געווען קלאָגעדיק. ניין, פון די אמתע, גרויסע געשעפטסלייט האָט ס׳רוב נישט דערציילט, נאָר אַלץ פון אַזעלכע וועלכע האָבן צומאָל נישט פאַרמאָגט קיין רעכט מלבוש אויפן לייב.

— דערציייל נישט מער, — האָט ער זי געטריבן.

ס׳איז אים אומהיימלעך געוואָרן פון ווענען דאָס ווייב רעדט און צו ווענען זי פאַרגלייכט אים. גרויסער גאָט, ווער האָט נישט געקענט די „סעגאַל קראָם״? אַלע באַוווסטע שטאָט נגידותטעס זענען אין זיין קראָם אַריינגעקומען מיט געשטאָפּטע בייטלען געלט. פאַר רייכע חתונות, פאַר גרויסע הוליאַנקעס אין פּריצישע הויפן האָט מען ביי אים באַשטעלונגען געמאַכט. פרויען פון אָפּיצירן האָבן ביי אים איינגעקויפט און אַלע זענען געוואָרן באַדינט פון מיידלעך אין ווייסע פאַרטעכער. פון דעם אַלעם זאָל ער זיך שטעלן אַרבעטן מיט קרעמערלעך, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט קיין רעכט בגד?

— ווי אַזוי האָט מען אונדז איבערגעלאָזט? — האָט ער מיט אַ צייט צוריק געטענהט צום פּריץ זשעלינסקי. אין די אָוונטן פלעגט דער פּריץ קומען צו גאַסט, טיילמאָל אַפילו פאַרבלייבן אויף וועטשערע מיט נאַכטלעגער.

— ביי ווענען האָט מען אונדז איבערגעלאָזט? — האָט סעגאַל געפרעגט ביים פּריץ — ווו זענען געווען די קעפּ?

— די קעפּ? וועלכע קעפּ? די גאַנצע וועלט איז אָן קעפּ!

— און סטאַלין? — האָט סעגאַל באַטראַכט דעם פּריצס אָפּגעלאָזענעם הולך — וואָס איז דער סטאַלין אַזוי בייז אויף אונדז? וואָס האָט אים געאַרט, אַז דער פּאַן איז געזעסן אין אייגענעם פּאַלוואַרק, אָדער איך אין מיין אייגן געשעפט?

איידער די געגנט איז געוואָרן סאָוויעטיש פלעגט פון זשעלינסקיס פּריצישן הויף, יעדן באַגינען, אַרויסגעשיקט ווערן אַ געפּאַקטער וואָגן מיט קאַנען מילך, מיט פּוטער און סמעטענעס צו סעגאַלס קראָם. פון דאַמאָלט האָבן זיי נאָך געהאַט חשבונות וועגן וואָס זיי האָבן אַפילו

נישט דערמאָנט, גלייך די נייע מאַכט וואָלט די חשבונות ערגעצווו אויף אייביק אויסגעמעקט. דער פריץ פלעגט נאָר יעדעס מאָל אַרויס־צווינגען פון זיך עטלעכע ווערטער, דערנאָך אַזוי אונטערשווייגן, אַז סעגאַלן איז אָפט נישט ניחא געוואָרן דאָס גאַנצע זיצן פון דעם גאַסט. פון זיין שווייגן, פון זיינע אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פלעגט סעגאַלן נאָך פיינלעכער ווערן. אַ דערלייכטערונג איז ערשט געשען דאַן, בעת דער גאַסט האָט אַרויסגערעדט עטליכע פאַרטרויליכע ווערטער, אָדער איינ־געשטימט מיטצוהאַלטען וויעטשערע וואָס פרוי סעגאַל האָט פאַרבאַרייט אין קיך.

— ווען אָט דער פּריץ — האָט פרוי סעגאַל געטראַכט פאַרענדיק זיך אין קיך — ווען דער זשעלינסקי וואָלט אין „פריערדיקע צייטן" זיך מטריחגעווען אין איר הויז אַריין אויף נאַכטמאָל מיט נאַכטלעגער? דאַמאָלט וואָלט זי שוין אַריינגעאַרבעט אַז מענטשן זאָלן דערוועגן וויסן, די גאַנצע שטאָט זאָל איר דאָס נישט פאַרגינען. אָבער היינט?

היינט איז זיין קומען, פון אַ פאַרלוירענעם. נאָך ערגער: זי האָט זיך געמוזט אויסהיטן מיטן פריץ, ווי זי פלעגט אַמאָל אויסהיטן איר קראָם פון אַן אַרטיקל, וואָס איז קאַליע געוואָרן...

פאַר זשעלינסקין איז דאָס זיצן און נעכטיקן ביי סעגאַלן סיי אַן אָפּקומעניש געווען, סיי אַן אָפּרו:

אַן אָפּקומעניש: ווייל עס האָט אים דערמאָנט אין זיין געפאַלענעם מצב. ווען וואָלט ער דאָ אַריינגעשמעקט? האָט ער אָבער אַ קלאָר געטאָן וועגן זיין פאַלאַצנהיים, ווו פויערים מיט פאַראָבקעס וואַכן, אַז מען זאָל גאָרנישט פון דאָרט אַרויספירן — פלעגט ער אַביסל פרייער אָפּאָטעמען, וואָס אין די לעצטע מעת לעתן איז ער וייט פון זיין היים.

און ער פלעגט פיבערן, דער פריץ, צו זיין וואָס ווייטער פון זיין היים, ערגעץ אין אַ האָטעל פון אַ ווייטער מדינה... נאָר ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט אַוועקלאָזן אין ווייטע מדינות?

— עפּעס אַזוי אומגעריכט, אַלץ איז געשען אַזוי אומגעריכט, — האָט ער געזאָגט.

— ווי איז דעם פּריצס מיינונג? — האָט סעגאַל געפרעגט — וועט שוין אַזוי פאַרבלייבן אויף שטענדיק? קען נישט געשען אַ נס ביים בוג, ווי צוריק מיט צוואַנציק יאָר, ביי דער ווייסל?

— אַ נס ווי ביי דער ווייסל? אפשר איז געשען אַ נס ביי דער ווייסל. אפשר איז ביי יידן אַמאָל געווען אַ משה מיט שפּאַלטן אַ ים, — האָט דער פּריץ אָפּגעענטפערט — אָבער היינט?

אויף ביינאַכט פלעגט מען אים געהיים אַריינפירן אין אַ באַזונדער צימער, וווּ ס'איז געשטאַנען אַ ברייטער טאַפּטשאַן. אויף אַ נאַכט־טישל האָט סעגאַל גופא צוגעגרייט אַ גלאָז מיט אַ קאַראַפינקע וואַסער, ווייל דער פּריץ האָט ליב געהאַט אַ קאַלטן טרונק פאַרן שלאָף. טייל־מאָל פלעגט סעגאַל נישט קענען איינשלאָפן ביז אין די באַגינענס, ביז ער פלעגט דעם גאַסט אַרויסלאָזן דורך אַ הינטער־טיר.

— אַ שוואַרץ אָנשיקעניש אויף זיין קאָפּ! — פלעגט סעגאַלס פרוי אים נאָכזאָגן — כ'דאַרף אים דאָ אויף שיינע, ריינע כפרות!

לעצטנס קומט ער אָבער נישט מער. פאַרשווינדן איז דער פּריץ און סעגאַל פילט זיך אָן דעם גאַסט נאָכמער פאַרלוירן. טעג נאָכאַנאַנד ווי עס וואַרגט אים אַ ביטערע אומהיימלעכקייט סיי פונעם זיצן און ליגן אין שלאָפצימער, סיי פון דעם טאָכטערס אַרומגיין מיט דעם פרעמדן קוואַרטיראַנט. ווער איז ער, און פונוואַנען קומט ער? היינט דעם ווייבס רייד וועגן קרעמער וועלכע „אַרבעטן שוין?" ווי נמאס ס'איז אים דערפון. אפשר וואָלט ער אַרויס עמיצן טרעפן אין גאַס? אָבער אַרויסגיין אין גאַס איז אים אויך נישט צום האַרצן. קען ער דען פאַרטראָגן דעם געפילדער, דעם טומל, פון אַלעם נייעם אינדרויסן? אַ נייער דרויסן! זאָל ער נאָך דאָרט קוקן אין די געשעפטן, וווּ אַלץ נעמט שוין ווערן אַנדערש, מיט אַן אַנדערן סדר און אַנדערע באַלעבאַטים?

נייך, בעסער ליגן אין שטוב אין געהאַקטע וואונדן, איידער צו זען מיט קלעמונג וואָס עס טוט זיך אין די גאַסן, ווי אויף אַלע

בנימין עליס

ראָגן ליאַרעמט פון ראַדיאָ הילכערס: „די באַפרייטע געגנטן פון פוילישע פּריצים!"

— פּאַפּאַ, פּאַרוואָס גייט נישט פּאַפּאַ אין גאַס אַרויס? וואָס וועט פּאַפּאַ אויפטאָן אין שטוב? — איז פּרימאַרגנדיק צוגעשטאַנען די טאָכ־טער, בעת ער איז נאָך געלעגן אין בעט.

הינטער די פענסטער האָט גראַד געקלאַפּט אַ רעגן. ס'גאַנצע הויז האָט ווי אין די פונדאַמענטן געציטערט פון פאַרבייפאַרנדיקע טאַנקען. פון אונטער דער פערענע האָט סעגאַל אַרויסגעשטעקט אַן אומהיימלעך פּנים. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרגליווערטע מידקייט, ווי ביי איינעם וואָס האָט זיך וואָכן לאַנג נישט אויסגעשלאָפן.

— נו, פּאַפּאַ? — האָט די טאָכטער געפרעגט.

זי איז פאַר אים געשטאַנען פרימאַרגנדיק פריש. מיט פרייד און לעבן איז געווען איר געזיכט. עס האָט געפלאַמט, ווי נאָר וואָס פון אַ הייסער וואַנע אַרויס. אירע אויגן האָבן יונג און הייס געלויכטן, אָבער דעם פאָטער איז דערפון געוואָרן ביטער. ער האָט אַ בליק געטאָן אויף דער מויד מיט פאַרדראָס פאַר איר גוטן אויסזען.

ווי אַזוי פאַרגינט זיך אַן אייגענע טאָכטער אַזעלכעס? וואָס איז היינט די שמחה אויף איר? היינט איז דען דאָס זעלבע וואָס אַמאָל? אַמאָל האָט ער נישט געהאַט קעגן דעם. זאָל זי בליען. ער האָט אַליין געוואָלט, אַז זי זאָל אויסזען שענער און רייכער פון אַלע מיידלעך. אַמאָל האָט ער געוואָלט, אַז אין שטאָט זאָל מען אים נישט בלויז מקנא זיין מיט זיין געשעפט, נאָר אויך מיט דער טאָכטער.

אָבער היינט? היינט דאַרף ער דאָס נישט. גענוג דערמיט. אויב זיין געשעפט, זיין מסחר, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, דאַן זאָל אַלץ, אַלץ מיטפאַלן. יאָ, צו וואָס טויג אים אַזאַ מויד? פאַרוואָס זאָל ער גאָרנישט דערקענען אויף איר פּנים פון דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר אין זיין האַרץ?

— נו, פּאַפּאַ? — האָט די טאָכטער נישט אָפּגעלאָזט.

— גיי, גיי! — האָט ער זי גענומען טרייבן — צו אַלדע רוחות, גיי!

— איך פאַרשטיי נישט, — האָט די טאָכטער אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערדיקער שטימע — דער פּאַפּאַ ליגט און ליגט. עס טויג נישט אַזוי. ס'איז דאָ אַ מענטש... אפשר וואָלט ער געהאָלפן מיט עפּעס...

— ווער איז דער מענטש? — האָט סעגאַל אַ פרעג געטאָן.

— אונדזער קוואַרטיראַנט סירקין.

— ווי, ווי רופט מען אים?

— זאָל דער פּאַפּאַ אויפשטיין, — האָט רחלע זיך צוגעזעצט אויפן קאַנט פון בעט, נעמענדיק צערטלען דעם פאָטער — אויף דער נאַכט וועט סירקין זיי ביי אונדז צו טיי. מאָרגן איז ביי אים אָפּרו טאָג. זאָל דער פּאַפּאַ פּרובירן רעדן מיט אים. זאָל פּאַפּאַ זיך אויפהייבן.

— וואָלסט בעסער גערופן אַ דאָקטאָר, — האָט דער פאָטער אַרויסגעקרעכצט מיט ווייטיק — כ'בין קראַנק.

— פון ליגן, פון אַריינקלערן איז פּאַפּאַ קראַנק.

— דאָס איז דיין מאַמעס רייד.

— ניין, ניין — האָט די טאָכטער דערווידערט — זאָל פּאַפּאַ אויפשטיין!

נאָך פיל קרעכצערייען, זידלעריי מיט נאָך ענלעכס, איז סעגאַל אויפדערנאַכט געזעסן אין אויפנאַם צימער און געטרונקען טיי, צו־בייסנדיק רוסישן צוקער פון אַ גרויס שטיק אָפּגעהאַקט. דער צוקער איז געווען סירקינס אַ מתנה. די באַלעבאָסטע האָט געלויבט די קוואַ־ליטעט פון דער מתנה. סעגאַלן איז אַלץ געווען גלייכגילטיק. ער האָט זיך געפילט שטאַרק אָפּגעשוואַכט פון עטלעכע מעת לעתן נישט אַרויסגיין אין שטאָט. מיטן קוואַרטיראַנט האָט ער נישט געוווסט וואָס צו רעדן, כאָטש דאָס ווייב האָט אים געהיים געשלעפּט ביי אַן אַרבל.

דעם קוואַרטיראַנט האָט ער געהאַט אין זכרון מיט אַן אַרויפּ־געריסענעם דאַשעק. דאָס מאָל איז דער דאַשעק נישט געווען. אַן אַנדערער, פאַרענדערטער קוואַרטיראַנט איז עס געווען, ווען סעגאַל האָט נישט דערקענט. אַ באַנייטער יונג איז געזעסן ביים טיש. פון קאָפּ ביז פיס באַנייט, מיט עפּעס אַ גליקלעכן שמייכל אין זיינע אויגן,

גלייך דער יונג וואָלט צו גאַסט געקומען פון אַן איינגעפונדעוועטער, רייכער היים.

און רחל? זיין איינציקע טאָכטער רחל, איז פון אים פאַרכאַפּט, פאַרשוווּנדעריש אַריינגעטאָן אין דעם יונג, וואָס אים, סעגאַלן, איז ער פרעמד, ווי די גאַנצע נייע באַלעבאַטישקייט אין שטאָט, וואָס די נייע מאַכט האָט מיט זיך מיטגעבראַכט.

און וואָס זאָל ער מיט דעם יונג רעדן? מוז ער דען מיט אים רעדן? מוז ער דען אויספירן דעם ווייבס ווילן דערפאַר, ווייל זי שלעפּט אים ביי אַן אַרבל?

געשען איז עס נאָך דער טיי, ווען סירקין האָט אַרויסגענומען אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן, פאַרגעשלאָגן אַלעמען פאַררייכערן. סעגאַל האָט גענומען אַ פּאַפּיראָס, האָט אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן אַלערליי סאָוויעטישע פּאַפּיראָסן. פּלוצים האָט ער געוואָלט וויסן: אויף וויפל צייט סירקין איז געשיקט געוואָרן אין דער שטאָט?

— אויף שטענדיקער אַרבעט, בין איך אַהערגעשיקט, — האָט סירקין געענטפערט.

— אויף שטענדיק? פון וועלכער שטאָט האָט מען אייך געשיקט?

— פון מינסק.

— אַ מינסקער געבוירענער?

— ניין, געבוירן בין איך ערגעץ אַנדערש. היינט וווינען מיינע עלטערן אין מינסק.

— איז עפּעס פאַראַן קראָמען ביי אייך אין שטאָט? — האָט סעגאַל געפרעגט — פאַראַן אַזעלכעס?

— פאַראַן, — האָט סירקין געענטפערט.

— כ׳מיין גרויסע געשעפטן?

— אַלץ פאַראַן.

— אַזוי, — האָט סעגאַל מיט חידוש אויסגערופן — און סוחרים באַוואוסטע, זענען פאַראַן ביי אייך?

— וואָס זאָגט איר? — האָט שוין דער קוואַרטיראַנט ניט פאַר־שטאַנען.

— איך זאָג סוחרים, סוחרים! געשעפטסלייט! — האָט סעגאַל געוואָלט דערקלערן — ווער ווייסט עס נישט וואָס מיינט סוחרים? מענטשן אַזעלכע, מענטשן וואָס האַנדלען, פירן מסחר. מיט וועקסלען.

— ביי אונדז איז דאָס נישטאָ. ביי אונדז אַרבעט יעדער. — האָט סירקין געענטפערט, נאָך אַלץ נישט ווינסדיק וואָס סעגאַל מיינט.

— וואָס הייסט? געשעפטן מיט קראָמען זאָגט איר, זענען יאָ פאַ־ראַן? באַר סוחרים, זענען נישטאָ? ווי קען זיין אַ לאַנד אָן סוחרים? וואָס הייסט דאָס? איך הייב נישט אָן פאַרשטיין!

— ביי אונדז געהערט אַלץ דער מלוכה.

— וואָס הייסט דער מלוכה? — איז סעגאַל אויפגעשטאַנען און זיך גלייך צוריקגעזעצט — אַלץ דער מלוכה? אַז עמיצער, לאָמיר זאָגן, וויל זיך עפּענען אַ קליין געוועלבל, אַ קליין געוועלבל מיט סאָדע וואַסער? האַ?

— דער פּאַפּאַ האָט דאָך שוין געהערט! דאָרט איז אַלץ מלוכיש!

— האָט רחל אַריינגעוואָרפן — מענטשן האָבן גאָרנישט. אַלע פאַר־מעגנס, געהערן דער רעגירונג.

— צום פאָלק, — האָט סירקין אויסגעבעסערט — ריכטיק גע־זאָגט, געהערט אַלץ צום פאָלק.

— און איך בין נישט פון פאָלק? אַז איך האָב אַ געשעפט, דאַרף מען מיך אין דער ערד באַגראָבן? — האָט סעגאַל בייז געקוקט אויף דער טאָכטער.

דער טאָכטערס אַריינמישן זיך האָט אים אַזש אויפגעקאָכט. „זי אויך", — האָט ער אַ קלער געטאָן. צערודערט האָט ער פון ווייבס האַנט אַרויסגעכאַפּט אַ טיכעלע אָפּצווישן דעם אַרויסגעשלאָגענעם שווייס אויפן שטערן. דערנאָך האָט ער געוואָלט וויסן פון סירקינען וועגן מינסק: צי איז מינסק אַ גרויסע שטאָט? צי האָט מינסק בתי מדרשים און וויפל קאָסט דאָרטן: טיי, קאָנסערוון, מעל און קאַשע? ער האָט נאָכגעפרעגט וועגן נאָך אַרטיקלען, וועגן אַלע זייערע פּרייזן,

גלייך סירקין וואָלט אים אַלץ פאַרגעשלאָגן צו קויפן, דערביי צום ווייפלטן מאָל געטאַפּט דעם שטאָף פון סירקינס אַנצוג.

— אַזוי ? און אייערע עלטערן ? — האָט סעגאַל געפרעגט — זיי אַרבעטן אויך, אייערע עלטערן ?

— יאָ, — האָט סירקין געענטפערט — מיינע עלטערן אַרבעטן.

— ביי וואָס ?

— מיין פאָטער איז אַ טרעגער.

— אַ טרעגער ! — האָט סעגאַל איבעראַשט אויסגערופן — אַן אמתער טרעגער ?

—אַן אמתער, — האָט דער קוואַרטיראַנט געשמייכלט.

סעגאַלן איז אומהיימלעך געוואָרן צו גלויבן אַז דעם קוואַרטיראַנטס פאָטער איז טאַקע אַן אמתער טרעגער. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ס׳איז אַזוי... ווי פּאַסט עפּעס זיין טאָכטער צו אַ טרעגערס אַ זון ? ניין, ווען זיין פאָטער זאָל טאַקע זיין אַ טרעגער, וואָלט ער זיך געשעמט אויסצוזאָגן.

— איר זעט אויס צו זיין פון אַן אידעלער משפחה, — איז סעגאַלס פרוי אין די רייד אַריין — פון זייער אידעלע מענטשן.

— אַלץ נאַרישקייטן, — האָט סעגאַל שוין נישט געוווסט צי ס׳רעדט זיין פרוי, אָדער עמיצער אַנדערש — ווען מ׳דערלויבט ביי אייך האַנדלען... עפּעס פון אונדזער וועלט ווען ס׳איז ביי אייך... פון אונדזער וועלט...

עס האָט אים שוין געמישט אינעם קאָפּ פון זיינע אייגענע רייד. ס׳איז אים פּלוצים נישט גוט געוואָרן און ס׳ווייב מיט דער טאָכטער האָבן אים אַוועקגעפירט אין שלאָפצימער אַן איינגעבראָכענעם.

פון גאַס האָט זיך געהערט אַ גערויש פון מאַשינען מיט טאַנקען און פאָטער, טאָכטער און מוטער האָבן לאַנג נישט געקענט קומען צו זיך, גלייך אונטער זייער הויז וואָלט אויסגעבראָכן אַן ערד־ציטערניש.

# פליטים

סיי לענג־אויס די ברעג הויכקייטן, סיי ברעג אַראָפּ צום וואַסער, ווו אָנגעבונדענע שיפלעך האָבן זיך אַרומגעוויגט זענען געווען אויס־געזעצט אַנטלאָפענע פון באָמבאַרדירטע מקומות. די אַנטלאָפענע האָבן זיך סיי געקילט ביי די וואַסערן אין דער דרויסנדיקער וואָלגע לופט, סיי אין די אינעווייניקסטע סטאַציע זאַלן. צומיינסט זענען די זאַלן געווען באַפעלקערט מיט פרויען און קינדער אַרום באַגאַזשן בעט־געוואַנט, קוישן און וואַליזן. כמעט נאָך יעדן זונאונטערגאַנג זענען די באַפעלקערטע סטאַציע זאַלן געוואָרן אויסגעליידיקט פאַר ניי אַנט־לאָפענע פון נייע שיפן. יעדער פרישער טראַנספאָרט האָט אויפגערו־דערט די טייך סטאַציע מיט פרישע גנבות. ס׳זענען פאַרשווינדן וואַ־ליזן, פעק, קישנס פון צוקאָפּנס. יעדע נאַכט האָט זיך געהערט אַן אַנדער קלאָג ביי דער וואָלגע. ביי דעם טייך איז יעדע נאַכט עמיצער אָרימער געוואָרן אין זיין באַגאַזש.

דער יונגער אברהם קאַלישער, האָט נאָר פאַרמאָגט איין איינציק העמד. דאָס העמד פלעגט ער אויסוואַשן אין דער וואָלגע. ער האָט זיך נישט געשראָקן פאַר גנבים. ער איז אָבער געווען אונטער פאַר־דאַכט, ווען ער האָט זיך פאַרגאַפּיעט אויף עמיצנס באַגאַזש אָדער אין אַ פרוי, וועלכע איז געזעסן אויף באַגאַזש.

— וואָס דרייסטו זיך ? — איז ער איינמאָל לעגיטימירט געוואָרן פון אַ מיליציאָנער — וועמען זוכסטו דאָ ?

— מיין פרוי.

— דיין פרוי ? נישט יענעמס ?

דער יונגער אברהם קאַלישער, האָט אַרומגעזוכט זיין כלה נישט בלויז אין די באַפעלקערטע וואָלגע־זאַלן. אויך אין די גאַסן אין רעסטאָראַנען און טראַמווייען פון דער רוישיקער וואָלגע שטאָט האָט

ער זי אַרומגעזוכט. פון פרי ביז אויפדערנאַכט האָט עס אים אַרומ־געטריבן. דערנאָך פלעגט ער זיך שלעפּן פאַרמאַטערט אויף אַ באַר־גיקער גאַס, צו אַ ריזיק הויז.

אין דעם הויז זענען געווען איינקוואַרטירט פאַמיליעס אָן מע־נער; מענער אָן פאַמיליעס; מיידלעך פלעגן שטיין געטוליעט צו די ווענט אויף די טרעפּ, אָדער מיט טומל אַרומשפּאַצירן איבער די ברייטע, לאַנגע קאָרידאָרן.

אַ מיידל מיטן נאָמען רחלע, פלעגט אָפּט אַריינקומען צו קאַלי־שערס מיטווינער נאָך אַ שוועבעלע פייער.

— ווער האָט אַ סוועבעלע? — פלעגט זי זיך ווענדן צו קאַלישערס בעט־שכנים.

אין בעט־שכן איז געווען אַ בוכהאַלטער. דער אַנדערער — אַ קאַסירער. די מיטווינער האָט קאַלישער תמיד געטראָפן שווייגנדיקע.

— אַ פּאַסקודע אָן טאָלק, אָט וואָס, — האָט דער בוכהאַלטער זיך איינמאָל געקלאָגט — אַרומקריכן און אַרומזוכן די ווייב, איז סאַמע פּאַסקודע. מ׳דאַרף גיין אַרבעטן.

— און צושרייבן? ווער וועט אייך צושרייבן אין דער שטאָט? — האָט דער קאַסירער זיך אָנגערופן — אַוו וועט איר אַרבעטן, בישט צוגעשריבן?

— און איר, חבר? — האָט דער בוכהאַלטער זיך געווענדעט צו קאַלישערן — איר אויך מיט דער ווייב? מלחמה־צייט קלערט איר נאָך וועגן דער ווייב?

קאַלישער האָט געשוויגן. דער בוכהאַלטער האָט ווידער אַגיטירט קעגן אַרומזוכן די פרויען:

— נעמט אין זינען וואָס איך זאָג. איר הערט, חבר? וואָס איז דער טאָלק פון אַרומזוכן די ווייבער? מ׳דאַרף גיין אַרבעטן. וואָס איז אייער פאַך?

— בויען הייזער.

— הייזער באָמבירט מען היינט. ווער בויט היינט הייזער? דאָס געשפּרעך האָט איבערגעריסן דער הויז־אויפזעער, אַ נידע־

ריקער טאָטער מיט אַן אָנגעבלאָזענעם קאָפּ. ער האָט אַלעמען געמאָלדן, אַז זיי וועלן מוזן אָפּגעבן דאָס צימער. צוויי טעג שפּעטער האָט דער טאָטער פאַרהאַלטן קאַלישערן ביים אַריינקומען פון גאַס.

— נאָכנישט געפונען אייער פרוי? האַ? וואָס קלערט איר? — האָט דער טאָטער אָנגעוויזן אויף ווייבער מיט געפּעק — וואָס קלערט איר אייגנטלעך? ס'קומען פרישע עוואַקואירטע. דאָ קענט איר לענ־גער נישט נעכטיקן.

און נאָכן אויפזוכן קאַלישערס נאָמען אין אַ אויפגעמישט מעל־דונגס בוך האָט דער געביידע אויפזעער צוגעגעבן מיט טאָטערישן רוסיש:

— היינט נעכטיקט איר נאָך. מאָרגן — אפשר אויך. געדענקט.

פונעם טאָטערס „געדענקט״ איז שוין דער יונגער קאַלישער גע־גאַנגען, ווי עמיצער וואָלט אים דורך פרעמדע פינסטערנישן גע־פירט. אומצופרידענע און פאַרחושכטע האָט ער געטראָפן די צוויי מיטוווינער, זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די בעטן. דער בוכ־האַלטער האָט געזידלט דעם טאָטער, אַז יענער טרייבט נאָר מענער פונעם הויז.

— מיט וואָס זענען מיר אַנדערש פון די ווייבער? ווער... — וועמען וועט מען רופן צו דער ביקס? נאָר פאַר זיי איז אַלץ? אָט אַ פּאַסקודע! — האָט דער בוכהאַלטער זיך געקאָכט — וואָס טרייבט ער? וואָס האָט ער קיין צייט ניט?

— ער האָט געמאָלדן, מיר מוזן אַרויס פונדאַנען, — האָט דער קאַסירער זיך אַ לייג געטאָן אויף אַ בעט מיטן בויך אַרויף — מיט טעג צוריק האָט ער דאָס געמאָלדן.

— אַ פּאַסקודע, — האָט דער בוכהאַלטער אָפּגעענטפערט — אָט אַ פּאַסקודע.

— יאָ פּאַסקודע, ניט פּאַסקודע. וואָלטן זיי כאָטש צוגעשריבן. זיי שרייבן דאָך ניט צו.

און צומאָרגנס גאַנץ פרי, בעת קאַלישער האָט אַרויפגעצויגן אַ שקאַרפּעט אויף אַ פוס, האָבן ביידע שכנים זיך אַרויסגעפּעקלט פון

דעם צימער. אַ ביטער עסק, — האָט קאַלישער אַ טראַכט געטאָן. נאָכדעם, אַ געוואַשענער און אָנגעטאָענער, איז ער אַראָפּ אין קיך נאָך זיין פרישטיק מיט קאַווע. דער טאַטער איז אים אַנטקעגנגעקומען, אַז מאָרגן מוז ער אומבאַדינגט פון הויז אַרויס. שוין מאָרגן. און דער „מאָרגן" האָט קאַלישערן שוין געפּענטעט אַ גאַנצן טאָג אויף יעדן טריט: סיי אין דער שטאָט, סיי ביי דער וואַלגע, איז ער שוין יענעם טאָג געגאַנגען ווי אַ געפאַנגענער אונטער דער ביקס.

שלאָפן איז ער יענעם טאָג אַוועק פריִער ווי תמיד. ער איז פרי מיד געוואָרן און ס'האָט אים פרי צום הויז געטריבן.

אויף די טרעפּ פונעם הויז זענען געשטאַנען צוויי יונגע מיידלעך. צוויי יונגע זעלנער האָבן זיי פריי גערופן און ס'איז שווער געווען צו וויסן אויב די סאָלדאַטן רופן די מיידלעך צום ערשטן, אָדער צום לעצטן מאָל. „זיי גייען אויף די פראָנטן!" האָט זיך געהערט אַ קול. פון אַן אָפענער שטוב האָט עמיץ געגוואַלדעוועט. אַ קינדער־ליאַרם מיט געלויף האָט פאַרטומלט די קאָרידאָרן. אַ זקן האָט שפּייענדיק געזידלט די וועלט ביי אַ טיר. קאַלישער איז אַריין אין זיין צימער איבערצושלאָפן די לעצטע נאַכט. דאָס צימער איז געווען אומבאַ־לויכטן. ביי איינס פון די פענסטער איז עמיצער געשטאַנען אין שוואַרצן. קאַלישער האָט גאָרנישט באַמערקט. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ בעט, דעם קאָפּ אין די הענט. מינוטן שפּעטער האָבן זיך דער־הערט טריט. אינעם ערשטן מאָמענט האָט קאַלישער גאָרנישט באַ־נומען. אַ מיידל אין אַ שוואַרץ מאַנטל איז פאַר אים געשטאַנען. זי האָט זיך צעלאַכט, וואָס ער קוקט אויף איר און דערקענט זי נישט.

— איר דערקענט ניט? — האָט זי נישט אויפגעהערט לאַכן — איר זעט מיך גאָרניט?

— רחלע! — האָט ער אַרויסגערעדט — אָך, אָך! דאָס זענט איר? כ'האָב אייך גאָרנישט דערקענט.

— כ'האָב אייך גאָרניט דערקענט, — האָט זי קאָקעטיש נאָכ־געזאָגט — אַלע פּיילישע מאַכן זיך ניט דערקענען. ביי אונדז אין קאָוונע, דערקענט מען יאָ. ווי אַזוי דערקענט מען ניט?

## ביי פאַרשידענע טישן

אַביסל שפּעטער זענען ביידע געזעסן ביים טיש. אויף אַן אויס־געשפּרייטער צייטונג „פּראַוודאַ" האָט דאָס מיידל געשניטן פּענעצן בדינזע און עס אַרויפגעלייגט אויף אָפּגעשניטענע שטיקער ווייס זעמל־ברויט. דאָס איז געווען אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אין איילעניש האָט נאָך קאַלישער אַרויפגעברענגט אַ טעפּל קיפּיאַטאָק פון קיך.

— האָט איר מיך גאָרניט דערקענט? — האָט רחלע ווידער־אַמאָל אַ פרעג געטאָן — און אייערע שכנים? זיי זענען אַוועק? ביי וועמען וועל איך איצט נעמען אַ סוועבעלע פייער? און וואָס וועט איר טאָן, אַז מ'וועט אייך אָפּזאָגן קוואַרטיר פונדאַנען?

— איכ'ל נאָך פּרובירן ביי דעם טאַטער.

— מיט וואָס קענט איר פּרובירן?

— מאָרגן וועל איך זען. כ'וועל אויך גיין וועגן אַרבעט.

— און אויב ס'וועט ניט העלפן? וואָס וועט איר מאָרגן טאָן? ווו וועט איר שלאָפן מאָרגן?

— נו, נו, — האָט ער געקייט פון ברויט נאָכטרינקענדיק קיפּיאַ־טאָק — ביז מאָרגן איז נאָך דאָ אַ גרויסער גאָט, און אַ גרויסער ברעג ביי דער וואָלגע.

— סטראַסנער מענש! — האָט דאָס מיידל אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט — דאָס רעדט איר אַזוי נאָך אויסטרינקען קיפּיאַטאָק? האַ? אַז איר וועט נאָך אויסטרינקען משקה? דאָס איז סטראַסנע שעה, ס'געפעלט מיר, — האָט זי צוגעגעבן — אָבער מאָרגן?

ביי קאַלישערן איז ס'מויל געווען פאַרפּאַקט מיט ברויט. וועגן „מאָרגן" האָט ער נישט געוואָלט מער רעדן, גלייך דער „מאָרגן" וואָלט עפּעס געווען אַ סאָרט „שטראָף", וואָס מ'דאַרף פאַרשטופּן אין ווייטע, אומבאַוואוסטע צייטן.

— איז וואָס וועט איר מאָרגן טאָן? — האָט זי ווידער גע־פרעגט — איר קלערט גאָרניט?

— אַך, רחלע! לאָזט אָפּ מיטן מאָרגן! — האָט ער אַוועקגעמאַכט — נישטאָ מער קיין מאָרגן! ביי דער וואָלגע איז פול מיט מענטשן. מ'לויפט

פון באָמבעס. ווער ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין? אפשר קומט עס אויך אַהער? אפשר קומט די נאַכט אַ באָמבאַרדירונג? אַלץ וועט אפשר די נאַכט ברענגען און צעקראַכן איז דער שטאָט? ווי לאַנג איז דען, איר זענט געזעסן אין אייער היים? אַ חודש צוריק, אָדער דריי וואָכן? הא? האָט איר עפּעס געוווסט דעמאָלט? לאָזט אָפּ מיטן מאָרגן.

— איר גאַלאָפּירט צו ווייט, — האָט זי אים איבערגעריסן — אַזוי רעדט איר נאָך אָפּעסן ברויט מיט קיפּיאַטאָק? איר שרעקט מיך. איר מוזט קראַנק זיין. אַ געזונטער מענטש טראַכט וועגן מאָרגן, וועגן היינט אוודאי. איר טראַכט אַפילו ניט וועגן היינט.

—וואָס מיינט איר וועגן היינט?

— וועגן היינט, דאַרפט איר נאָך אויך אַ קלער טאָן. איך בלייב אין דעם צימער אויף היינט ביינאַכט. אַוו וועט איר נעכטיקן? — האָט זי אַ בליק געטאָן אין דער צייטונג „פּראַוודאַ" — אַוו וועט איר היינט שלאָפן?

— וואָס? — האָט ער זי אָנגעקוקט נישט פאַרשטייענדיק.

— צוליב וואָס מיינט איר, בין איך אין דעם צימער? אַוו וועט איר נעכטיקן?

— אָט! — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין בעט — אָט דאָ!

— חלילה, — איז זי אויפגעשטאַנען — איך וועל באַלד אַראָפּ־גיין צום משוגענעם טאָטער. ער האָט געמאַכט אַ טעות. זאָל ער אייך באַשטימען אין אַ צווייט צימער.

— אין אַ צווייט צימער? וואָס האָט איר דאָ מורא צו האָבן? נעמט און לייגט זיך שלאָפן.

— זייער פיין... וואָס וועט איר וועגן מיר טראַכטן? — האָט זי געשמייכלט — איר זייט אפשר אויך פאַרהייראַט? אַוו האָט איר אייער פרוי געלאָזן?

— אין דעם צימער קענט איר ניט נעכטיקן, — האָט זי פאַר־געזעצט — דאָ איז באַשטימט געוואָרן פאַר פרויען. דאָס צימער.

— ווער האָט באַשטימט? אפשר קומט די נאַכט אַ באָמבע? ס'קען דאָך קומען אַ באָמבע אויף אַלעם?

— סטראַסנער מענש, אַזאַ סטראַסנער מענש! — האָט זי אויסגערופן — פאַרהייראַט זייט איר אויך? אַ יאָ? איך זע שוין ווער איר זייט, — האָט זי זיך אַליין געענטפערט — אַזוינע מענער, קלערן ניט איין מינוט וועגן דער פרוי: איז דאָס ניט סטראַסנע?

— יאָ, זייער סטראַשנע, — האָט ער נאָכגעזאָגט. ער האָט געוואָלט דערציילן, אַז ער זוכט זיין כלה נאָך איידער אַ שיף האָט אים אין דער שטאָט אַהערגעפירט. ער האָט גאָרנישט דערציילט. שווייגנדיק האָט ער געגומען די „פראַוודאַ" פונעם טיש. פאַרקלערט איבערגעלייענט אַ ביסל פראָנט נייעס. „איך מוז אַראָפּגיין צום טאַטער, ער האָט געמאַכט אַ טעות וועגן דעם צימער", — האָט דאָס מיידל אַרויסגערעדט, נאָר אינדעם האָט זיך דערהערט אַ קינדעריש געוויין פונעם קאָרידאָר. באַלד האָט עמיצער אויפגעפראַלט די טיר. קאַלישער האָט דערזען צוויי יונגע פרויען. זיי זענען שטיין געבליבן אויף דער שוועל. ביי איינער אויף די הענט האָט געוויינט אַ קינד אין אַ קאָלדרע איינגעפּעקלט. און ווי נאָר ביידע פרויען זענען די שוועל אַריבער, איז קאַלישער פונעם צימער פאַרשוווּנדן.

— פאַרוואָס זייט איר אַוועק? — האָט רחלע אים אָנגעיאָגט, ווען ער איז שוין געווען אין אַ דריטער גאָס — אַווו גייט איר?

— צו דער וואָלגע.

— ביינאַכט צו דער וואָלגע? — האָט זי אים אָנגעקוקט — זייט איך דאָך טאַקע אַ סטראַסנער מענש!

ער האָט אָנגענומען אירע הענט, געפּאַרשט אין אירע אויגן, ווי עפּעס דאָרט אויסצוגעפינען.

— סטראַסנער מענש, — האָט זי געשמייכלט. באַלד האָט זי צוגעגעבן — גייט ניט. קומט צוריק אין הויז, מאָרגן וועלן מיר עפּעס צוטראַכטן.

און צומאָרגנס זענען ביידע געווען אויף דער וואָלגע סטאַנציע.

צווישן אַנטלאָפּענע פון פאַרשידענע מקומות האָבן זיי באַגעגענט דעם בוכהאַלטער מיטן קאַסירער. אַלע האָבן פריילעך געלאַכט. זייערע קעפּ האָבן אַרויסגעשטעקט אין אַ געעפנט פענצטער צום טייך. שלעפּ־שיפן האָבן געשניטן די וואַלגע און אַלע האָבן זיי אָפּגעוואַרט אַ שיף, וואָס זאָל זיי אַוועקפירן אין אַ ווייטער געגנט, ערגעץ וויט צום קאַספּישן ים.

# פ ר ו י ע ן

אָנפירן פעסער וואָסער פון פאַרפרוירענעם טייך, זעגן און צע־האַקן האָלץ און אָפּרוימען שניי פון טירן און פענסטער, איז ווינטער צייט געווען די הויפּט מלאכה פון אונדזער אַרעסטאַנטן בריגאַדע ביים באַדינען הייזלעך פון לאַגער־באַאמטע, פון וואַכלייט און פון כלערליי לאַגער נאַטשאַלניקעס.

באַהייצונג פאַר די הייזלעך פלעגן מיר גרייטן אין זומער.

אין קילע זומער פרימאָרגנס, פלעגן מיר אַרויסטרייבן צוועלף אויסגעמאָגערטע פערד, זיי איינשפּאַנען אין לאַנגע וועגענער און אָוועקפאָרן צו ווייטע וועלדער. צוריקוועגס פון די וועלדער, זענען די לאַנגע וועגענער געווען געלאָדן מיט נאָך לענגערע בוימער. די פערד פלעגן פּאַמעלעך שלעפּן און מיר אַרעסטאַנטן פלגן נאָכשפּאַנען צופוס צווישן אומהיימלעכע סיבירער סטעפּעס, באַוואַכט פון צוויי שומרים. זיי האָבן זעלטן געלאַכט און נאָך זעלטענער האָבן מיר פון די שומרים געהערט אַ „פריי“ וואָרט. נאָר אין אַ פרימאָרגן זענען זיי ערגעץ אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַן „עטאַפּ פון לאַגער“ און מיר האָבן געהאַט צוויי אַנדערע וועכטער. איינער איז געווען דער טאַטער ניקיטין, אַ גוטמוטיקער יונג מיט קליינע ליאַלקע אייגלעך. דער טאַטער איז מיר געווען באַקאַנט פון פילמאָל אַרויסגיין צו אַנדערע אַרבעטן אונטער זיין וואַך און פון זיין פריידיקן צו אַרעסטאַנטן וועגן אויפפירן זיך „קולטורנע“. בעתן אַרויספאָרן צו די וועלדער האָט ער געהייסן טרייבן די פערד אויף אַ וועג דורך וועלכן מיר זענען קיינמאָל פריער נישט געפאָרן.

— מיט דעם וועג וועט זיין בעסער, — האָט ער דערקלערט — ס׳וועט זיין אַ קאָלכאָז. איר וועט האָבן היי פאַר די פערד און אַליין אויך עפּעס אריינצופרעסן.

אַריינפּרעסן איז געווען אונדזער גרעסטער חלום. עס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ ווילדע איבעראַשונג און איינער דעם צווייטן האָט פריילעך געזידלט. דער לאַטיש קוליפּאַס, מיין וואָגן־שכן, ווען ס׳האָט געפעלט אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט, איז קאַלט געבליבן צום גאַנצן ענין. ער האָט זיך געהיים געבונטעוועט קעגן טאַטער אַז יענער מיינט עס גאַרנישט, אַז דער „קאַלכאָז" איז אַן אויסגעטראַכטער קאַלכאָז. ס׳וועט נישט זיין קיין קאַלכאָז.

— אויב ס׳וועט זיין אַ קאַלכאָז? — האָט ער געפרעגט — וועט מען געבן פרעסן? ווער וועט געבן? אין קאַלכאָזן הונגערט מען. די מענער זענען אויף די פראָנטן.

דער צווייטער אויף מיין וואָגן איז געווען פּעטשעניק, אַן אויסגעמאָגערטער און האַלב רואינירטער פון אָפּט ליגן אין לאַגער־קאַרצער.

— מ׳דאַרף נאָר אַריינטרעפן צו ריכטיקע, לעבעדיקע באַבעס, — איז געווען פּעטשעניקס מיינונג — טרעפסט נאָר אַ ריכטיקע באַבע, איז מיט אַ גלעט און מיט אַ וואָרט... אַ ריכטיקע באַבע וועט אַזוי אַרויסלאָזן?

אונדזער וואָגן איז געלאָפן דער ערשטער אין פראָנט. ווען מיר האָבן דערזען קוימענס מיט דעכער פונוויטנס האָט דער לאַטיש געענדערט זיין מיינונג. אין אַ שמוציק געלאַטעטער פופייקע האָט ער ענדלעך איינגעשטימט מיט פּעטשעניקן אַז ס׳דערוואַרט דאָרט „מזל", ווו עס זעען זיך די קוימענס מיט דעכער. זאָלן זיי נאָר דאָרט אַריינטרעפן צו ריכטיקע באַבעס אָן מענער... ברויט מיט קאַרטאָפל, איז געווען די הויפּט זאַך — אין זייערע פאָרשטעלונגען. איך בין נישט געבליבן הינטערשטעליק... ווען אָפּעסן ברויט מיט קאַרטאָפל אין קאָלכאָז און ווען אַזאַ פרוי ווי ביידע אַרעסטאַנטן האָבן זיך פאָרגעשטעלט, איז געווען מיין פאַנטאַזיע דורכן גאַנצן וועג ביז מיר זענען פאַרפאָרן צום קאָלכאָז. נאָכן אָנטרינקען ס׳פערד מיט אַ וויאַדרע וואַסער, בין איך אַריין אין אַ הייזל. כ׳בין שטיין געבליבן פאַר אַ יונגער פויערטע מיט באָרוויסע פיס. זי האָט געוויגט אַ לופט־וויגל

אָנגעבונדן מיט שטריק צום סופיט. מיט מיין אַריבערטרעטן איר שוועל האָט זי פאַרלאַנגזאַמט דאָס וויגן און דערשראָקן מיך אָנגעקוקט. כ׳האָב געבעטן אַ טרונק.

די פרוי האָט אָפּגעלאָזן דאָס לופט־וויגל, שנעל אויסגעוואַשן אַ גלאָז ביים איוון און ביים געבן מיר צו טרינקען האָט זי געפרעגט פון וועלכן קאָלכאָז איך קום? כ׳האָב געענטפערט, אַז כ׳קום נישט פון קיין קאָלכאָז, אַז איך בין מיט אַ בריגאַדע אַרעסטאַנטן. מיר פאָרן נאָך בוימער אין וואַלד.

— אָ, גאָט! — האָט זי געזאָגט — אַזוי איז דאָס מיטן נאַראָד? אָדער אין מלחמה, אָדער אין די טורמעס!

כ׳האָב זיך היימיש צוגעזעצט צום טיש. זי האָט געוואָלט וויסן ווי לאַנג איך בין אַרעסטאַנט. אויף וויפל יאָר פאַראורטיילט? זי האָט אויך געוואָלט וויסן אַזעלכעס, אויף וואָס איך האָב נישט געקענט ענטפערן. מיך האָט געגאַגט אַ הונגער פון פאָרן אין דער פרימאָרגנדיקער סטעפּ־לופט. כ׳האָב כסדר געבליקט צום איוון פונוואַנען עס האָט געשלאָגן אַ ריח פון באַהאַלטן געקעכטס.

— די מלחמה, — האָט זי געזיפצט — די מלחמה.

— דאָ איז נישטאָ קיין מלחמה — האָב איך געזאָגט — אין סיביר וועט די מלחמה נישט קומען.

— ווי אַזוי וועט זי נישט אַהערקומען? אַלע מענער פון אונדזער קאָלכאָז ליגן אויפן פראָנט. מיינער איז שוין דאָרט ס׳דריטע יאָר.

— ס׳וועט זיך ענדיקן וועלן אַלע אַהיימקומען, — האָב איך זי געוואָלט טרייסטן — אַלע וועלן קומען.

— ווער וועט קומען? טויטע וועלן קומען? אפשר וועלן צוריקקומען עטלעכע קאַליקעס... אפשר דאָס אויך נישט. און מיר פרויען וועלן אויפסנייז זיך ווארגן אָן מענער...

איך האָב געפרעגט אויף ברויט, האָט זי אויפגעמאַכט דעם איוון און באַלד האָט זי מיר צוגעשטעלט קאַרטאָפל מיט מייערן אין אַ שיסל און מיר צוגעלייגט אַ הילצערנעם לעפל. איר לעפל איז מיר איבעריק געווען. כ׳האָב געהאַט מיין אייגענעם לאַגער־לעפל. די פּאָרציע אין

דער שיסל איז פאַר מיין אַפּעטיט געווען ווי אַ פאַרשפּייז, גלייך נאָך מיילער וואָלטן פון דער שיסל געגעסן, איז זי שנעל געשטאַנען אָן אויסגעלײדיקטע. איך האָב נאָכאַמאָל געבעטן אַ גלאָז וואַסער. ווען זי האָט עס מיר דערלאַנגט האָב איך באַמערקט, ווי אירע הענט און אירע ליפּן ציטערן... כ׳האָב געמיינט ס׳איז אַ מין קרענק און האָב געוואָלט פרעגן וואָס דאָס איז, אָדער אפשר שרעק איך זי מיט עפּעס? נאָר מיט וואָס האָב איך זי געקענט שרעקן? פאַר רויבעריי בין איך נישט געווען געמשפּט. איך האָב זיך פאַרהאַלטן אָנשטענדיק. אָנ־שטענדיק האָב איך אָנגענומען אירע הענט און איר געדאַנקט פאַר געבן מיר נאָך אַ פּאָרציע קאַרטאָפל.

— ביסט אַזאַ יונגער, — האָט איר שטימע געציטערט — אַזאַ מאַן ווי דו, זעט מען נישט ביי אונדז...

— ביי אונדז, זענען סאַמע זקנים. אַפילו יונגע פרויען האָט מען מאָביליזירט. מיט קליינע קינדער האָט מען נאָר געלאָזט...

— וואָס וועט זיין? וואָס וועט פון דעם אַלעם ווערן? — האָט זי געפרעגט — פונוואַנען וועלן מיר נעמען מענער, אַז אַלע ווערן זיי אויסגעהרגעט?

נאָכדעם האָט זי געוואָלט וויסן, וועגן לעבן פון אַרעסטאַנטקעס אין לאַגער, ווי איך גופא לעב דאָרט? זי האָט אַלץ געפרעגט, ביז הינטערן פענסטער האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קול. עמעצער האָט עטלעכע מאָל אויסגערופן מיין נאָמען. נאָכדעם האָט זיך אויף דער שוועל באַוויזן דער בריגאַדיר פיאָדער. ער האָט געקוקט אין דער שטוב אַריין מיט אַ בליק, גלייך ער וואָלט עפּעס אין דער שטוב פאַרשפּעטיקט. ער האָט אויסגעזען ווי מ׳וואָלט אים אויסגעכאַפּט אַ גרויס געווינס פון אונטער דער האַנט.

— קלערסט נעכטיקן דאָ? פאַרגעסט, אַז מ׳דאַרף פאָרן ווייטער? — האָט ער נישט געטאָן קיין טריט פון דער שוועל. בעת איך האָב גענומען אויסענדיקן די צווייטע פאָרציע קאַרטאָפל פון שיסל האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי דער יונגער באַלעבאָסטע:

— ער קאָרמעט זיך בײַ דיר, דער אַבראַם? ער וועט זיך בײַ דיר אַזוי אָנפרעסן, אַז ער וועט גאָרנישט וועלן טאָן אין וואַלד.

— נישט מײַן זאָך, זאָל ער נאָכאַמאָל קומען, וועל איך אים נאָכאַמאָל אָנקאָרמענען. קום ווידער, — האָט זי געזאָגט בײַם גע־זעגענען.

אינדרויסן זענען די וועגענער נאָך געשטאַנען ליידיקע. בײַ אַ וואָגן זענען געזעסן עטלעכע אַרעסטאַנטן אין געזעלשאַפט פֿון די וואַכלײַט און אַרומבאַלאַגערט פֿון באָרוועסע קאָלכאָז־קינדער. אַ ייִנגל האָט געפּאַטשט אין בויך פֿון אַ פֿערד. דער טאַטער האָט זיך געשפּילט מיט אַ קליין מיידעלע אויף זײַנע קני. מיך האָט ער שטרענג צוגע־רופֿן, אַז מ׳דאַרף פֿאָרן און ווו איז פּעטשעניִן? אָבער נישט איך מיט פּעטשעניִנען זענען בלויז געווען די פּאַרשפּעקטיקטע. דער ברי־גאַדיר פּיאָדער האָט נאָך געהאַט צו טרײַבן אַנדערע אַרעסטאַנטן פֿון די כאַטעס. מיט פּעטשעניִנען האָט ער נאָר געהאַט מער קלאָפּאָט. ער האָט אים גאָרנישט געקענט געפֿינען. צום סוף האָט ער אים פֿון ערגעץ אַרויסגעשלעפּט באַהאַנגען מיט שטרוי. שטרוי איז געהאַנ־גען אויף זײַן פּופּייקע, אויף די הויזן, ווי ער וואָלט די גאַנצע צײַט געלעגן אין שטרוי פֿאַרקאָפּעט.

— אַ קוזינע דאָ געטראָפֿן, יעי באָגו! — האָט ער זיך פֿאַר־ענטפֿערט פֿאַר די וועכטער.

ווען מיר זענען אָפּגעפֿאָרן נאָכבאַגלייטע מיט אויפֿגעהויבענע הענטלעך פֿון די באָרוועסע קאָלכאָז־קינדער, האָט פּעטשעניִן זיך באַ־רימט, אַז ס׳איז נישט געווען קיין קוזינקע. אין דער גאַנצער וועלט האָט ער נישט אַזעלכע. ער האָט אַרײַנגעטראָפֿן צו אַ געוועזענער אַרעס־טאַנטקע, וועלכע האָט זיך באַפֿרײַט פֿון לאַגער מיט אַ האַלב יאָר צוריק.

— דו, אַבראַם, דאַרפֿסט זי קענען. זי האָט אַ צײַט געאַרבעט אין קיך:

ער האָט מיר גענוי געמאָלן איר פֿיגור, פּנים, האָר און אויגן און דערבײַ איר נישט געזשאַלעוועט קיין זידלערײַ דערפֿאַר, ווײַל זי איז אַ פֿרייער פֿויגל און זויפֿט מילך פֿון אַן אייגענער קו.

— פּעטיאַ, פֿאַרגעס נישט אָן מיר. דײַן טערמין וועט זיך ענ־

דיקן, גיב אַ טראַכט וועגן מיר. — האָט פּעטשעניִן דערציילט — דערווייל האָב איך אַלץ צוגעזאָגט. זי האָט מיר טובֿות געטאָן. מיר געטראָגן פון קיך. און דאָ האָט זי אַן אייגענע קו. אַ מיידעלע פון פינף, זעקס יאָר און זי געפעלט מיר.

— און דו, אַבראַם, וואָלסט נאָר געהאַט אַ ריכטיקן קאָפּ! — האָט ער אויסגערופן — באַבעס פעלן נישט היינט. מיר וואָלטן גע־לעבט אַ טאָג אין סיביר. וועסט עס אָבער נישט טאָן. וועסט בלייבן אין סיביר נאָכן אַרויסגיין פון לאַגער? ניין! — האָט ער צוגעגעבן — יידן לויפן אין גרויסע שטעט. זיי שרעקן זיך פאַר סיביר. און פאַר מיר איז סיביר דאָס שענסטע לאַנד. ווייסט ווי כ'האָב עס ליב?

— וואָס איז דאָ ליב צו האָבן? וואָס פאַר־אַ לעבן איז דאָ? וואָס ווייסטו פון לעבן? — האָט דער לאַטיש קוליפּאָס געפרעגט — אָט ביי די פראַנצויזן אין פּאַריז. כ'האָב זייער פיל געהערט וועגן פּאַריז.

— וואָס האָסטו געהערט וועגן דעם פּאַריז? ס'איז דאָך, זאָגט מען, אַ בורזשואַזנע לאַנד דאָרט?

— וואָס גייט דיך אָן ווער דאָרט איז? דאָרט קאָן מען לעבן. אין פּאַריז צו לעבן, האָב איך געהערט, לוינט געבוירן צו ווערן טויזנט מאָל. פאַרשטייסט? און וויפיל מאָל לוינט געבוירן צו ווערן אין סיביר?

די זון האָט געלויכטן. אונדזער וואָגן איז געלאָפן דער ערשטער אין פראָנט און אויפן סאַמע לעצטן איז געזעסן די וואַך: אומגע־ריכט אָניאָגן אונדזער פור, דערנאָך ווידער בלייבן הינטער אַלע ווע־גענער, איז געווען דער וואַכס אַ מין כסדרדיקע קאָנטראָל ביז ביר זע־נען אַריינגעפאָרן אויף אַ שמאָלן וועגן צווישן וועלדער. דער וועג איז געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט, און פּוסטער ווי יענער וועג אויף וועלכן מיר האָבן אַלעמאָל געטריבן די פערד. אינעם ערשטן מאָמענט האָבן מיר זיך ווי פאַרבלאָנדזשעטע אַרומגעקוקט. די זון האָט אויף איין זייט אַריינגעלויכטן אין אַן אויסגעהאַקט שטיק וואַלד. די אַנדערע זייט וואַלד איז געשטאַנען אָנגעפּעלצט מיט אומבאַרירטער טונקלקייט

און ס׳האָבן זיך פון דאָרט דערהערט מענטשלעכע קולות. ווען מיר זע־נען פון די וועגענער אַראָפּ, זענען די קולות נענטער געוואָרן. באַלד זענען אַ פּאָר פּרויען פון צווישן דיביימער אַרויס. ווי פון באַהעלטענישן האָבן זיך באַוויזן נאָך אַ פּאָר. נאָר מיט זיי האָט זיך עס נישט גע־ענדיקט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער וואַלד איז פול מיט פאַרבאָר־גענע פרויען־היילען און פון מינוט צו מינוט װעלן פרויען אַלץ מער אַרויסקומען.

די קעפּ מיט טיכלעך אַרומגענומען זענען די פרויען שטיין געבליבן פונדערווייטנס אויף זייערע ערטער.

— פון וועלכן ראַיאָן? — האָבן זיי צו אונדז אַריבערגעשריגן.

אויף מינוטן בין איך דאַמאָלט אַוועק צווישן די ביימער. כ׳האָב אַביסל אונטערבאַלאַמוטשעט ביים רייסן יאַגדעס. ווען כ׳האָב זיך צוריקגעקערט צו די וועגענער זענען ביידע וואָכלייט געווען אַרומ־גערינגלט פון די פרעמדע פרויען. דער טאַטער האָט געשפּיגן ווי ס׳וואָלט אים געבלוטיקט פון די ציין. די גוטמוטיקייט איז פון אים געווען פאַרשוואונדן. מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַ צווייטן טאַטער, ווי דעם וואָס כ׳האָב געקענט.

— מיר האָבן דיך איידל געבעטן און דו קאָכסט זיך! — האָט אַ פרוי געזאָגט — מאַכסט זיך הייליק?

— ווער זענט איר? וו איז אייער קולטור?

— דו פרײדיק נישט! דו גיב אונדז די מענער! — האָט דיזעלבע פרוי געפּאָדערט — מיר האָבן דעליקאַט דערקלערט, מיר זענען אָן מענער!

— באַבעס אָן שאַנדע! גייט אייך אין וואַלד אַריין! — האָט דער טאַטער בייז געטריבן. נאָר אין זעלבן מאָמענט האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס האָט אים צוריקגעגעבן זיין גוטמוטיקייט און ער איז געוואָרן נאָכגיביקער. איינע פון די פרויען האָט אים אומגעריכט אַרומגעכאַפּט. זי האָט דעם טאַטער אַזוי געדריקט און געקושט, אַז אַלע אַרעסטאַנטן מיט אַלע פרויען האָבן זיך ווילד צעלאַכט. דער צווייטער

וועכטער האָט מיטגעלאַכט און דער געקושטער טאַטער האָט זיך אַרומגעקוקט ווי אַ קינד וואָס ווערט איבערראַשט פון אַן אומגעריכטער מתנה.

— ריכטיק אַן שאַנדע! נו לאַדנאָ! — האָט ער צעמישט אַ זאָג געטאָן — איר קלערט גאָרנישט, די מענער זענען אַרעסטאַנטן? אַז מיר האָבן זיי אַהערגעבראַכט אויף אַרבעט?

— מיר זענען אויך אויף אַרבעט!

— מיר וועלן זיי אין אַלעם אַרויסהעלפן! — האָבן די פרויען פאַרזיכערט. — מיר וועלן פאַר זיי ביימער אויסהאַקן!

— לאַדנאָ, דאַוואַי! — האָט דער טאַטער אַ מאַך געטאָן, און די פרויען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די אַרעסטאַנטן און יעדע מינוט איז אַן אַנדערער אַרעסטאַנט פאַרשוווּנדן מיט אַ פרוי אין וואַלד.

— פירט זיך אויף קולטורנע! העי! — האָט דער טאַטער יעדן פאָרל נאָכגעשריגן. און מ'האָט נישט געוווּסט, צי מיינט ער די אַרעס־טאַנטן, אָדער זייערע „געליבטע"...

# ספּאָרט פון אַ גענעראַל

יעדן טאָג האָב איך געקאָרמעט קראָליקעס מיט חזירים מיט הינט און אויפגערוימט עטלעכע גרויסע צימערן ביים אונטערשטורמפירער שולץ. די פּאָדלאָגעס ביי שולצן האָבן געמוזט גערייניקט ווערן ווי צום שפּיגלען זיך אין זיי. דאָס זעלבע איז געווען ביים רייניקן ס׳מעבל. אַלץ האָט געדאַרפט געטאָן ווערן מיט ליבע. אָבער וואָס פאַר אַ ליבע האָב איך געקענט האָבן צו יענעם מעבל מיט יענע שטובן אין וועלכע עס האָט זיך געפונען שולץ, דער ווילדע מערדער פון אונדזער געטאָ?

דורך כלערליי אופנים איז אונדזער געטאָ איינגעשרומפּן און געהאַלטן ביי ענדע. פון עטלעכע געסלעך איז באַשטאַנען אונדזער וועלט. איך האָב געוווינט מיט מיין מומע מיטן פעטער און מיט נאָך מענטשן. אַלע האָבן געאַרבעט אין „שאָפּ". מיין פעטער מיט מיין מומע זענען נאָך געווען באַשעפטיקט, נאָך געלעבט אין מיין זכות. איך האָב זיי געשאַפן די פּריווילעגיע, ווייל מיין באַשעפטיקונג ביי שולצן, איז געווען איבער אַלע געטאָ פּריווילעגיעס. „דעם יונג האָט זיך איינגעגעבן", — האָט מען וועגן מיר גערעדט. דער פעטער מיט דער מומע האָבן אויך געהאַט אַ שם פון „גליקלעכע".

— ווי זעט אויס דער ימח שמו? — פלעגט דער פעטער פרעגן.

די מומע האָט נישט ליב געהאַט דעם פעטערס נייגעריקייט. זי פלעגט אים זאָגן:

— דאַרפסט נייטיק וויסן ווי ער זעט אויס?

זי האָט מורא געהאַט אַז איך קען פאַשווינדן ביי דעם אונטער־שטורמפירער. נאָר דער פעטער האָט מיין באַשעפטיקונג ביים אונטער־שטורמפירער אויסגעטייטשט ווי אַ הימלזאַך, אַז מיר איז נאָך באַשערט אַזעלכעס און אַזעלכעס. „וועסט נאָך דערלעבן זייער סוף". די מומע האָט זיך נישט פאַרגינען אַזאַ האָפענונג. שולץ האָט מיך געהאַט אין זיינע הענט. ער האָט מיך געקענט פּטרן צו יעדער רגע.

— אפשר וואָלסטו נישט אַהינגעגאַנגען? — פלעגט די מומע בעטן — מ׳עט דאָך נישט וויסן ווו דיין געביין איז אַהינגעקומען.

דער פעטער האָט איר יעדעס מאָל אויפגעקלערט, אַז מיין גיין צו שולצן פאַרהיט דערווייל אַלעמען פון טויט... די מומע איז דערפון געבליבן אומבאַפרידיקט.

— אַז ער כאַוועט אים קראָליקעס מיט אַנדערע חיות? מיט נאָך און נאָך? — האָט דער פעטער געזאָגט — וואָס טוט זיך מיט דיר?

— אוודאי אוודאי, — האָט די מומע געזיפצט — אַ וואַזשנער יחוס, קראָליקעס. ס'וועט נעבעך פעלן ווער ס'זאָל פּאַשען קראָליקעס.

ס'איז דאַמאָלט געווען זומער. כמעט יעדן פאַרנאַכט ווען די מומע האָט מיך דערזען האָט זי מיך אַרומגעהאַלדזט ווי אַ קינד וואָס איז ניצל געוואָרן פון געפאַר, ווייל דאָס אַרויסגיין פון געטאָ און צוריקקומען אין געטאָ, איז געווען אַ גיין דורך געפאַרן.

פון אַלע אַרבעטן, פלעגן מענטשן צוריקקומען צעשלאָגענע, גע־סטאַפּאָ פלעגט אויך פאַרשלעפּן. אַזאַ געפאַר האָט מיך איינמאָל גע־פּאַקט. איך בין דאַמאָלט געגאַנגען פון דער אַרבעט מיט נאָך עלף מענער. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גאַס נישט ווייט פון אונדזערע געטאָ געסלעך. פּלוצים איז צו אונדז צוגעפאָרן אַ שוואַרצער אויטאָ־מאָביל. איך האָב דערזען דעם קאָפּ פון געסטאַפּאָ שעף. וועגן דעם שעף האָב איך זיך געהאַט אָנגעהערט, אַז ער גאַסטראָלירט מיט מאָרד באַנדעס אין קליינע געטאָס.

ווען ער איז אַרויס פון דער מאַשין און דער גרופּע מענער באַפוילן זיך אָפּשטעלן, האָב איך זיך אַזוי אויסבאַהאַלטן ער זאָל מיך נישט באַמערקן. איך בין געווען דער יינגסטער פון דער גרופּע, דער נידעריקסטער אין וווקס. מיט פּחד האָב איך געהאָפט אויף עפּעס אַ נס! אפשר וועט ער צו מיר נישט דערגיין? אפשר וועט ער מיך נישט דערזען?

אָבער נאָכדעם ווי ער האָט עטלעכע פון די עלף מענער שוין געהאַט אויסגעפרעגט אויף זייער עלטער און ווי עפּעס אַ „שאַנד״

יעדן באַזונדער צוגעוואָרפן: „דו לעבסט נאָך?״ — האָט ער מיך גענומען רופן פון מיין „באַהעלטעניש״.

— קאָם הער, יונגעע! קאָם מאָל הער!

אין איין מינוט האָט די גרופּע זיך אַזוי צעשטעלט, אַז דער געסטאַפּאָ שעף האָט מיך געקענט זען פֿון קאָפּ ביז דער ערד. כ׳בין קלענער געוואָרן פֿון מײַן וווקס, גלײַך מ׳וואָלט מיך געפּאַקט בײַם אָפּטאָן אַ פֿאַרברעכן.

— פֿאַרשטעקט זיך לומפּ? זאָ וואָס? — האָט ער אויף מיר גע־קוקט — זיך פֿאַרשטעקט?

— בײַ שולצן, הער גענעראַל, — האָב איך געשטאַמלט — איך אַרבײַטע בײַם הער... אונטערשטורמפֿירער.

נאָר ער האָט שוין מיט איין האַנט מיך געהאַלטן בײַ די האָר, מיט דער אַנדערער מיר גערוקט אַ רעוואָלווער אין מויל.

— זיך פֿאַרשטעקט? זאָ?

איך געדענק נישט, אויב איך האָב אין יענעם מאָמענט נאָך עפּעס געענטפֿערט. זיכער נישט, וואָרים זײַן רעוואָלווער האָט גע־שטעקט אין מײַן מויל. דאָס געווער האָט ער מיר געפּאַקט ווי צו דער־שטיקן מיך אין פּײַן און אין פּחד. ער האָט מיך געפּײַניקט ביז חלשות. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך שוין נישט געפֿונען אין גאַס. איך בין געווען אין זײַן וואוינונג, אין אַ צימער צווישן טונקעלע ווענט. בײַם עפֿענען די אויגן האָט ער מיר גלײַך באַפֿוילן מאַכן „קני בויגן״. דאָס מאַכן „קני בויגן״ האָב איך געמוזט איבערחזרן, און אײַנשטודירן ווי צו עפּעס אַ פֿאַרשטעלונג.

— דײַן נאָמען! — האָט ער אויסגעשריען. — האָסט אַ נאָמען?

איך האָב געזאָגט מײַן נאָמען. ער איז געוואָרן אויפגעצאָרנט.

— שטיוול־פּוצער, האָסט קיין נאָמען! ביסט איין נאָמענלאָזער לומפּ. פֿאַרשטאַנען?

אײדער איך האָב „אײַנגעשטימט״, אַז איך בין „אָן אַ נאָמען״, אַז איך בין נאָר: „שטיוול פּוצער״, האָט ער מיך אָנגעהויבן אַטאַקירן מיט שטיוול. די שטיוול, האָט ער געוואָרפֿן פֿון אַ ווינקל, דערבײַ קאָ־מאַנדעוועט איך זאָל נישט אַראָפּבייגן דעם קאָפּ, נישט פֿאַרשטעלן ס׳פּנים מיט די הענט. פֿון זײַן אַטאַקע האָב איך נישט געקענט אָפּן

האַלטן די אויגן. ווען איך האָב די אויגן געעפנט, זענען דריי פּאָר שטיוול געלעגן ביי מיינע פיס. איך האָב זיך צו זיי אַראָפּגעבויגן. אויף אַלע איז געווען איינגעטריקנט בלוט...

נאָכן צוואַרפן מיר פאַסטע מיט אַ בערשטל האָט ער אַ פרעג געטאָן אויב איך פאַרשטיי עפּעס אין בלוט? איך האָב נישט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערן.

ער האָט ווידער געפרעגט:

— זעסט דאָס בלוט אויף די שטיוול?

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק: — ס׳בלוט פון דיינע לומפּן! — האָט ער אויסגערופן — רייניקן! רייניקן!

דערנאָך איז ער אַוועק אין אַ צווייטן צימער, פונוואַנען איך האָב געהערט זיין אַריינשרייען אין טעלעפאָן. איך האָב גערייניקט די שטיוול „בין איך דען דער ערשטער וואָס רייניק זיי?" — האָב איך גע־קלערט — „און מיט וועמענס בלוט וועלן די שטיוול נאָך ווערן פאַר־בלוטיקט?"

נישט איין טרער מיינע איז געפאַלן ביים פוצן די שטיוול. ווען איך בין מיט זיי פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיך דערהערט טריט. עס זיינען אַריינגעקומען צוויי פאַרסאָפּעטע פּאָליציאַנטן פון געטאָ. אָנווייזנדיק אויף מיר האָט דער שעף באַפוילן:

— מאַרש מיט דעם לומפּ! מאָרגן פרי ברענגט אים צוריק! פאַרשטאַנען? איך מוז אים שיסן!

— הער גענעראַל, דער יונגע אַרבייט ביים הער אונטערשטורמ־פירער, — האָט איינער פון די פּאָליציאַנטן צוויסן געטאָן מיט צע־שטרייטער אונטערטעניקייט — ער אַרבייט ביים הער שולץ.

— איך איבער אַלעס! מיין באַפעל! — האָט ער דעם פּאָליציאַנט אָנגעקלונגען אַ פּאַטש.

— פאַרשטאַנען? — האָט דער שעף אָנגעשטעלט אויגן סיי אויפן געפּאַטשטן, סיי אויפן אַנדערן פּאָליציאַנט — מאָרגן פרי ברענגט אים הער!

— ווי אַזוי האָט ער דיך געכאַפּט? — האָט געפרעגט דער גע־

פאַטשטער פאַליציאַנט אַרויסקומענדיק אויפן גאַס. דורכן גאַנצן וועג צום געטאָ האָט דער געפּאַטשטער געשאָלטן און געברענט און איינ־וועגס מיר אויך נישט געזשאַלעוועט אַ פּאָר קללות. צומאָרגנס האָט אַ געטוישטע פּאָליציי וואַך מיך אָוועקגעפירט אויפן הויף, צום שעף. דער שעף האָט זיך נישט געוויזן. מסתמא האָט ער נאָך געכאַליעט אין זיין געלעגער. די פּאָליציאַנטן האָבן מיר נאָכקאָנטראָלירט יעדן טריט. נאָך אין געטאָ האָבן זיי צו מיר נישט צוגעלאָזט נישט דעם פעטער, נישט די מומע. „קאָצקער איינִיקלעך, קיקטס נאָר אָן דאָס פּעקל צדיקים!" — האָבן די פּאָליציאַנטן זיי געטריבן. ביים שעף אויפן הויף, זענען די פּאָליציאַנטן נאָך פּאָליציאַנטישער געוואָרן. זיי האָבן מיך פּאַרשריגן, אַז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייערע קעפּ. פאַרוואָס ליג איך נישט? צי קלער איך וועגן אַנטלויפן? נאָר וווהין איז דען געווען צו לויפן? איך האָב זיך אַנידערגעלייגט אויף דער ערד, וואָרים זייערע רייד מיט זייערע פּנימער זענען מיר געוואָרן עקלהאַפט, ווי זיי וואָלטן מיר אין אַלעם געווען שולדיק. איך האָב זיך צעוויינט אין דער ערד אַריין, ווו איך וועל באַלד אַריינגעפּאַקט ווערן אויף אייביק. דאַמאָלט האָבן די פּאָליציאַנטן אויך אָנגעהויבן מיט שטרענגקייט און זידלעריי. אָבער דאָס איז שוין געווען דערפּאַר, ווייל פון אַ פענסטער אויפן צווייטן שטאָק האָט זיך באַוויזן דער שעף, האָבן זיי אים געוואָלט וויַזן ווי שטרענג זיי זענען צו מיר.

אין פענסטער איז דער שעף געשטאַנען אין אַ ווייס העמד. דאָס העמד איז געווען פון אַזאַ ווייסקייט, אַז ווען ער איז אַראָפּ צו אונדז, האָט עס מיר געשטאָכן די אויגן. עפּעס אַ ווייס העמד אויף מיין פינסטערער וועלט! גאָט, גאָט, איך זע עס נאָך היינט. רוצחים אין ווייסע העמדער! צום העמד האָט ער געטראָגן גראַנאַטענע גאַליפע הויזן, שווארצע, גלאַנציקע שטיוול. מסתמא דיזעלבע שטיוול, פון וועלכע איך האָב געהאַט אָפּגערייניקט ס'בלוט.

— האַ, האַ! — האָט ער אויסגערופן — געבראַכט דעם לומפּ!

— אייער באַפעל, הער גענעראַל! — האָט אַ פּאָליציאַנט אָפּ־געענטפערט.

דער צווייטער האָט מיר געשלעפּט אַ האַנט איך זאָל אויפשטיין:

— שטעל זיך, בהמה! בעט דעם הער גענעראַל!

איך בין אויפגעשטאַנען און האָב געזאָגט:

— הער גענעראַל, איך בין באַשעפטיקט ביים אונטערשטורמ־פירער. הער גענעראַל, פרעגן זי אויף מיין נאָמען.

— שטיוול פּוצער! האָסט קיין נאָמען! ביסט נאָמענלאָז! שטיוול פּוצער!

— הער גענעראַל! — האָב איך ווידער געפּרוווט אויסרעכענען אַלע מיינע אַרבעטן ביי שולצן — הער גענעראַל!

— האָסטו עלטערן? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, הער גענעראַל!

— וואָס? עלטערן? — אַ פאַרחידושטער האָט ער זיך אַרומ־געקוקט גלייך מיינע עלטערן וואָלטן געשטאַנען דערביי — לעבן זיי נאָך?

— יאָ הער גענעראַל!

— ווילסטו צו זיי?

— יאָ, הער גענעראַל!

פּלוצים האָט ער אַ פרעג געטאָן, צי איך וויל צום אונטער־שטורמפירערס קראַליקעס.

— יאָ, הער גענעראַל!

די גאַנצע צייט האָט ער געהאַלטן אַ סענטימעטער. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס מיינט דער סענטימעטער אין זיין האַנט. מיטאַמאָל האָט ער די פּאָליציאַנטן געגעבן אַ קאָמאַנדע צו ברענגען לאָפּאַטעס פון גאַראַזש, צו גראָבן פאַר מיר אַ קבר. מיטן סענטימעטער האָט ער פון מיר געוואָלט אַראָפּנעמען אַ מאָס פאַרן קבר... איך האָב דאַמאָלט געוווסט, אַז פאַר ווידערשפּעניקייט, וועט ער מיך מאָמענטאַל שיסן — דעם סענטימעטער האָב איך אָבער נישט צוגעלאָזט צו מיר. אין יענעם מאָמענט האָט דער סענטימעטער אין זיינע הענט מיר אויס־געוויזן שרעקלעכער פון טויט...

— זאָ איין ערציאונג האָסטו לומפּ? זאָ ערציאונג געפעלט מיר!

ער האָט מיר דערלאַנגט אין פּנים, דאָסזעלבע האָט ער געטאָן איבער די קעפּ פון די פּאַליציאַנטן, זיי זאָלן וואָס שנעלער גראָבן ס׳קבר. דערנאָך איז ער מיט לאַנגזאַמע טריט אַוועק איבערן הויף. אַ דרייסיק, אָדער פערציק מינוט שפּעטער, ווען ס׳גרוב איז כמעט געווען פאַרטיק, די פאַרמאַטערטע פּאַליציאַנטן האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף די לאָפּאַטעס, איז ער צוגעקומען און מיך אַריינגעטריבן אין גרוב. איך בין אַריין ביזן האַלדז. ער האָט מיר באַפוילן זיך אַראָפּ־זעצן. איך האָב מיך איינגעהויקערט. באַלד האָט אַ קלאַפּ געטאָן זאַמד איבער מיין קאָפּ, קאַלט זאַמד. נאָך אַ קופּע זאַמד האָט אָפּגע־הילכט ביי מיינע פיס. פּלוצים האָב איך דערהערט אַ באַפעל: „אַרויס!״ ווען איך בין אַרויס האָט ער די פּאַליציאַנטן אויפסניי מכבד געווען איבער די קעפּ באַפעלנדיק זיי זאָלן צוריק פאַרשיטן דעם גרוב.

די פּאַליציאַנטן האָבן שנעל געיאָגט מיט די לאָפּעטעס. גאָר שנעל איז דאָס גרוב געווען פאַרשאָטן.

— וואָס מאַכן מיר יעצט? — האָט דער שעף געפרעגט — האָסטו גערן דעם הערן אונטערשטורמפירערס קראָליקעס?

— יאָ, הער גענעראַל!

און ווידער האָט ער געפרעגט אויב איך האָב גערן דעם אונטער־שטורמפירערס קראָליקעס.

— יאָ, הער גענעראַל! — האָב איך אים פאַרזיכערט — די קראָליקעס האָב איך זייער ליב.

— מיינע שטיוול ווער וועט פּוצן? וועסטו נאָכמאַל קאָמען מיינע שטיוול פּוצן?

איך געדענק נישט וואָס איך האָב געענטפערט פון צעמישונג. איך געדענק נאָר, אַז ווען ער האָט מיר געגעבן די פרייהייט אַוועק־צולויפן צום אונטערשטורמפירערס קראָליקעס, זענען זיי פאַר מיר געוואָרן די ליבסטע באַשעפענישן אויף דער וועלט. און אויף דער וועלט איז אין יענעם מאָמענט קיינער נישט געווען אַזוי גליקלעך, אַזוי פריי! אַזוי פריי איז קיינער נישט געווען אין יענעם מאָמענט.

## וואָס אַ צוואַנציק־יאָריקער האָט דערציילט

דאַמאָלט בין איך נאָך געווען אַ קינד. אפשר בין איך געווען עלף יאָר אַלט, ווען כ׳האָב זיך ספּעציאַליזירט צו פאַרקריכן אין כלעררליי באַהעלטענישן. פון איין באַהעלטעניש האָב איך געקענט אַריינקומען אין געטאָ, שאַפּ, בין איך אָפּט אַריין אין דעם שאַפּ, ווו מענער מיט פרויען האָבן גאַנצע טעג אויף מאַשינען געניית.

די מערהייט פרויען אין שאַפּ האָבן זעלטן געהאַט אַ פרייע מינוט פאַר מיר. דאָס האָט זיך נאָר געקענט דערלויבן די שנעלסטע מאַשין נייערין. זי איז נאָך געווען אַ נייטאָרין איידער ס׳איז געוואָרן אַ געטאָ. צוליב איר שנעלקייט ביים אויפנייען העמדער האָט זי געהאַט פריווילעגיעס ביים שאַפּ־אויפזעער. די נייטאָרין האָט געמעגט אַריינשמוגלען איר קליין מיידעלע און זי האַלטן אין שאַפּ ביזן אַהיימגיין פון טאָג אַרבעט. דאָס מיידעלע איז געווען יינגלש אַרומגעשוירן, געטראָגן הייזלעך און שטענדיק איבערגעשראָקן מיין פון מיר. זי איז געווען קראַנק פון מורא. כאָטש איר מוטער האָט אויסגעפּאַרטיקט העמדער מער פון דריי אַנדערע, האָט זי שרעקלעך אויפגעציטערט ווען מ׳האָט אָנגעזאָגט וועגן קאָנטראָל. צו יעדער „קאָנטראָל“ האָט די מוטער זי ערגעץ פאַרגראָבן. איך האָב געהאַט מיינע אייגענע באַגרעבענישן אין שאַפּ.

שאַפּעס האָבן דאָרט נישט געפעלט און ווי עפּעס נאָר אַ סכנה, בין איך שוין אין אַ שאַנק געלעגן צווישן שמאַטעס און צווישן מלבושים איינגעפּעקלט. כ׳בין אַזוי געוווינט געוואָרן צו די שענק מיט שמאַטעס, אַז כ׳פלעג אין זיי אַריין סיי ביי אמתער געפאַר, סיי אויס בלויזן פּחד. נאָר וואָס איז דאַן געווען דער אונטערשיד? פּחד האָט געמיינט געפאַר און דאָס ליגן אין אַ שאַנק און הערן די מענטשן אין שאַפּ. האָט זיך גערעכנט פאַר אַ פריווילעגירט באַהעלטעניש. דאַמאָלט האָט עס געמיינט אַ גרויסע פריווילעגיע! היינט, נאָך יאָרן, זענען אַלע יענע באַהעלטענישן אַ טייל פון מיינע אומאויפהערלעכע חלומות. זעלטן אַ פרימאָרגן, איך זאָל אויפשטיין אָן געחלומטע געפאַרן. מיט דריי,

אָדער פיר נעכט צוריק האָט זיך מיר געחלומט אַ פּאַסירונג פון יענער צייט. אַן ערך אַכט, אָדער ניין יאָר, זענען פאַרביי זינט יענער פּאַסירונג.

און פּאַסירט האָט עס עטלעכע טעג נאָכן שליסן דעם שאָפּ.

מ׳האָט מיך דאַמאָלט אַרויסגעשלעפּט פון אַ קאַמער און מיט נאָך קינדער אָוועקגעפירט אויף לאַסט מאַשינען. פון די מאַשינען האָט מען אונדז אַראָפּגעלאָזט הינטער דער שטאָט, צווישן באַראַקן. ביי די באַראַקן, זענען שוין פיל מיידעלעך געשטאַנען אין באַזונדערע פּאַרטיעס. אונדזער פּאַרטיע (אויך בלויז מיידעלעך, עטלעכע מיט מוטערס) האָט מען אויך געשטעלט באַזונדער. אַפילו מיך האָט מען געוואָלט באַזונדער נעמען. נאָר איינע פון די מוטערס האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט פון זיך. ס׳איז געווען די שנעלע נייטאָרין פון שאָפּ. אויפן וועג צו די באַראַקן האָב איך זי גאָרנישט באַמערקט. „ס׳איז מיין יינגל״ — האָט זי מיך אָנגעכאַפּט ווען מ׳האָט מיך געוואָלט אָוועקשטעלן אין אַ זייט. „ס׳איז מיין מאַמע״ — האָב איך צוגעשטימט. און אפשר דערפאַר, ווייל מאַמעס זענען נאָר געווען אין מיין גרופּע, האָט מען אונדז דאַמאָלט די ערשטע אַריינגעטריבן אין איינעם פון די באַראַקן. מיר זענען אַריין אין אַן אויסגעליידיקטן טונקעלן באַראַק, אָן פענסטער. פון דעם באַראַק איז נישט געווען קיין אַנטלויפעניש, נישט געווען קיין קעלערס, נישט קיין בוידעם. ס׳איז געווען אַ ביטערע טויט־פּאַסטקע. דאָך האָב איך זיך געוואָלט ראַטעווען. כ׳האָב געזוכט רעטונג אין דער נייטאָרינס קלייד. „זאַ נישט קאָ קינד״ — האָט זי געזאָגט. אַ קינד? וואָס פאַר אַ קינד בין איך דען געווען? כ׳בין שוין פונלאַנג נישט געווען קיין קינד. אַ גאַנצע בריה בין איך געווען אויסצובאַהאַלטן זיך פון געפאַרן, אָבער אין יענעם מאָמענט, אין יענעם באַראַק? ניין, כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס די נייטאָרין מיינט. פאַרלוירן אין פּחד האָב איך נישט געקענט זען וואָס אין באַראַק געשעט. כ׳האָב נאָר געהערט אַריינטרייבן נאָך קינדער. אַלעמען איז באַפוילן געוואָרן זיך אויסצוטאָן. די נייטאָרין האָט נישט געפאָלגט דעם באַפעל. דאַן האָט עמיצער זי אָוועקגעריסן פון מיר.

כ׳האָב מער נישט געהאַט אין וועמען זיך אַנצוהאַלטן, האָב איך בלינד איינגעשטעלט מיט אַוועקקריכן. נאָך עטלעכע מינוט קריכן האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז מ׳קריכט הינטער מיר. פון אימה האָב איך נישט גע־וואָלט זיך אומקוקן. אין אַ מאָמענט האָב איך אָבער געמוזט אַ בליק טאָן ווו איך בין ערגעץ, האָב איך דערזען הינטער מיר אַ מיידעלע. כ׳האָב געמיינט די נייטאָרינס. ס׳איז אָבער נישט געווען די נייטאָרינס, וואָרים דאָס מיידעלע האָט מיך גערופן מיט אַ פרעמדן נאָמען אַז מיר זאָלן זיך באַהאַלטן.

באַלד זענען מיר געלעגן פנים צו פנים. זי האָט מיר אָנגע־וויזן:

— לאָמיר דאָרט צוקריכן... דאָרט שטייט אַ שאַנק...

נישט ווייט איז טאַקע געשטאַנען אַ שאַנק. מיר איז נאָך היינט אַ חידוש, פאַרוואָס דאָס מיידעלע האָט עס באַמערקט, נישט איך. פאַרוואָס האָב איך נישט דערזען די שאַנק? איך בין דאָך געווען אַ ספּעציאַליסט אויף דערזען אַזעלכעס! נאָר אפשר זענען דאַ־מאָלט מיינע אויגן געווען אָפּגעשוואַכט פון פחד? קען זיין, וואָרים ווי נאָר מיר זענען אַריין אין דער שאַנק, אַזוי האָט דאָס מיידעלע די ערשטע באַמערקט, אַז די שאַנק איז מיט קיילעכיקע לעכער. די לעכער האָבן פאַרטאָפּלט אונדזער אימה. נאָר ס׳איז נישט געווען אַלץ. עס האָט זיך געצויגן אַן ערגערע אימה: די טיר האָט זיך נישט גע־וואָלט האַלטן צוגעמאַכט. נאָך יעדן מאָל צומאַכן, האָט זי זיך ווידער אויפגעפּראַלט. איינמאָל און נאָכאַמאָל. נאָך פילמאָל מאָנדרעווען איז די שאַנק איינגאַנצן אומגעפאַלן. איך מיט דעם מיידעלע זענען גע־בליבן פאַרקלאַפּטע, ווי אין אַ טרומנע.

אָן דעם מיידעלע וואָלט איך אין דער אומגעפאַלענער שאַנק אפשר אַזוי איבערגעהאַלטן, ווי כ׳האָב איבערגעהאַלטן אין די שאַפ־שענק און אין אַנדערע ענלעכע ערטער. מיט מיין פאַרטנערין איז דאָס אוממעגלעך געווען. גלייך זי וואָלט צום ערשטן מאָל אין אַ באַ־העלטעניש אַריין, אַזוי איז געווען איר צאַפּלניש. זי האָט אויסטער־ליש געצאַפּלט. דערצו האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי אין באַראַק.

מיר האָט זיך געדאַכט מיר וועלן צעריסן ווערן מיט דער שאַנק. נאָך גוט וואָס די שאַנק איז געווען מיט לעכער. אויף אַרויסקוקן פון לעכער, האָב איך געהאַט גענוג חדרים אין געטאָ. דורך אַ לעכל פון שאַנק האָב איך דערזען שרייענדיקע נאַקעטע קינדער לויפן. אַלץ וואָס איז דאַמאָלט מיט יענע שרייענדיקע קינדער געשען איז ווי געשען מיט מיר און מיטן מיידעלע ביז מיר האָבן געהערט דאָס אָוועקפאָרן פון דער לאַסט־מאַשין. ס'איז געוואָרן שטיל און פינסטער אין באַראַק. ס'איז געווען נאָך אַלעמען און ס'איז אַלץ שטילער געוואָרן. שרייענדיקע, נאַקעטע מיידעלעך, זענען מער נישט געלאָפן. מיין פּאַרטנערין האָט זיך אויך אַנדערש פאַרהאַלטן. זי האָט זיך געהאַט איינגעוווינט אין דער אומגעפּאַלענער שאַנק. אַ צייט האָבן מיר זיך איינגעהערט, ווי ס'זאָל נאָך דאַרפן עפּעס געשען. נאָר וואָס האָט נאָך געקענט געשען? עס האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון קאָשטשאָלן. קיין שעה האָבן מיר נישט געוווסט, אָבער אַ שלעפעריקייט האָט זיך אונדז אָנגעטשעפּעט. מיר האָבן אָבער מורא געהאַט איינצושלאָפן אין דער שאַנק. מיר האָבן געמוזט אַרויס פון איר. אַזוי האָבן מיר אויסגערעכנט און אַזוי האָבן מיר געהאַט באַשלאָסן. די שאַנק האָט אָבער נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך. מיר האָבן זי נישט מער געדאַרפט און מיר האָבן נישט געקענט אַרויס פון איר.

— מ'קען דאָ שטאַרבן? האָט מיין פּאַרטנערין געפרעגט — מ'קען שטאַרבן אין דער שאַנק?

איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין שוין געלעגן אין שענק און ס'קען געשען ערגערס פון שטאַרבן, מ'קען אונדז „כאַפּן". די מורא, אַז מ'קען אונדז „כאַפּן" האָט אונדז נישט געלאָזט איינשלאָפן. מיר זענען אָבער געווען יונגע קינדער. וואָס קענען טאָן יונגע קינדער, ווען זיי שלעפערט? עס האָט שוין געקענט זיין אַ פּאָר שעה צו טאָג, פון מיין קליינער פּאַרטנערין האָב איך נישט געהערט קיין וואָרט. אַליין בין איך אויך געלעגן האַלב פאַרדרימלט, ווען ס'האָבן מיך אויפגעוועקט מענטשלעכע שטימען פון גאָר נאָענט. כ'האָב אַפילו געהערט טריט. אין יענער נאַכט האָב איך גענוג אַריינגעטראַכט וועגן נסים און

געמיינט, אַז די מענטשלעכע שטימען מיט די טריט, זענען אויך נישט אמתע... נאָר יאָ, די טריט מיט די שטימען זענען געווען פון צוויי מע־נער. זיי זענען גאָר נאָענט געווען און גאָר נאָענט עפּעס געשלעפּט. אויף מינוטן זענען זיי פאַרשווינדן, נאָכדעם זענען די מענער ווידער געווען גאָר נאָענט פון דער שאַנק. כ׳האָב אַפילו געהערט ווי זיי שטאָפּן אין עפּעס ווי אין זעק אַריין.

כ׳האָב דערהערט זאָגן אויף פּויליש:

— דעם אוצר וועט מען אויף איין מאָל נישט אָוועקטראָגן.

איך האָב זיך משער געווען, אַז זיי נעמען קליידער פון די אויס־געהרגעטע קינדער. פּלוצים האָט איינער פון די מענער אַ זאָג געטאָן:

— קאָלעגאָ, מירן נעמען אַ טייל. די רעשט וועט מען אַריינלייגן אין דער שאַנק.

אַלץ געדענק איך פון יענעם מאָמענט, ווען זיי האָבן אויפגע־שטעלט די שאַנק און כ׳בין אַרויסגעפאַלן.

פונאָנהויב האָב איך זיך געמאַכט טויט. נאָכדעם האָב איך געבעטלט מ׳זאָל מיך לאָזן לעבן! וועלכעס לעבן האָט מיך נאָך דאַמאָלט דערוואַרט? וווהין און צו וועמען האָב איך זיך געריסן? אָבער אַזוי איז עס געווען. דאָס מיידעלע איז געלעגן ביי איינעמס פיס און איך ביים צווייטנס. אין חושך, אינדערפינצטער, האָבן מיר געוויינט און געבעטלט: „הרגעט נישט!” און זיי האָבן געזאָגט: „מיר וועלן אייך נישט הרגענען”. מיר האָבן אָבער נישט געגלויבט אין זייערע ווערטער. וועמען האָבן מיר געקענט גלויבן? יעדער הרגעט און ווער זענען זיי, אַז זיי זאָלן נישט הרגענען? „קינדער, מיר נעמען אייך אַהיים” — האָבן זיי געזאָגט און מיר האָבן ווידער נישט גע־גלויבט. אַפילו ווען זיי האָבן אונדז פון באַראַק אַרויסגעפירט, אונדז אָנגעוויזן אַ וועג וווהין מיר זאָלן גיין — האָבן מיר זיי נאָך אַלץ נישט געגלויבט. מיר האָבן זיי ערשט דאַמאָלט געגלויבט, ווען איך מיט דעם מיידעלע האָבן זיך ביי די הענט געהאַלטן — ווייט פון דעם שרעקלעכן באַראַק אַוועק.

# די תיבה

נאָך וואָכן זיין איינקוואַרטירט אין בונקער האָט חנה געהאַט איינגעפירט אַ „בונקער לוח", געשריבן מיט קרייד אויף אַ וואַנט. דער לוח שרייבער איז געווען יאַנקל איר זון. זי פלעגט אים אַלעמאָל דערמאָנען:

— זאָלסט מיר אָפּהיטן דינסטיק און פרייטיק.

פרייטיק — האָט זי באַדאַרפט צוליב ליכט צינדן און דינסטיק — איז געווען דער טאָג ווען זי פלעגט אינעם בונקער אַראָפּברענגען ברויט מיט געקעכטס פון פּאָליאַק אַדאַש.

נאָר איינמאָל איז חנה אָפּגעלעגן אַ קראַנקע עטלעכע מעת־לעת און פון אָפּגעשוואַכטקייט האָט זי נישט געוווסט דעם טאָג און נישט באַנומען דעם „לוח" אויף דער וואַנט.

יאַנקל האָט איר אויסגעטייטשט:

— אויף דער וואַנט מאָמעליו איז אַ מעם, דאָס מיינט, אַז נעכטן איז געווען מאָנטיק.

— דאָס מיינט מאָנטיק? ס׳מיינט מיר האָבן דעם ריכטיקן טאָג פאַרלוירן. זאָל ווער אַ בליק טאָן אינדרויסן.

מיט „זאָל ווער אַ בליק טאָן אינדרויסן" — האָט חנה געמיינט די אַנדערע מאַנסלייט אין בונקער. הענעך רופא האָט מיט הייזעריקע ווערטער צווויסן געטאָן:

— ס׳עט באַלד טאָגן. די הענער קרייען.

זיינע הייזעריקע ווערטער האָט חנה גאָרנישט פאַרשטאַנען און זי האָט געזאָגט:

— אַ פולער בונקער מיט מאַנסלייט און דעם טאָג פרעגט זיי בחרם. כ׳האָב מיר אָנגעפּאַקט געפּגרטע מאַנסלייט אין בונקער. מ׳קען אַלע אויסגיין אויב יאַך וועל ליגן.

יעדעס מאָל ווען זי האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין אין די גאַסן, האָבן די מענער געמאַכט אַ געלט שותפות, אַז זי זאָל איינקויפן ברויט פאַר זיי. דאָס מאָל איז אויך אַזוי געווען. ווען חנה האָט אָנגעהויבן

אַרומוויקלען אירע פיס מיט אָניצעס האָבן די מאַנסלייט שוין באַ־אַרבעט פאַרבאַרגענע קאָסעס אין זייערע מלבושים... נאָר איין משהלע, העגעך רופאס קאָזין, האָט זיך געמאַכט שלאָפן. דאָס משהלע איז געווען אַ פאַרשוין וועמען אַלע האָבן חושד געווען, אַז אין זיינע פייכט־געוואָרענע מלבושים פון בונקער ווילגאָטש, איז אָנגעשטאָפּט אַ גרויס פאַרמעגן. פונוואַנען ער זאָל עס האָבן — האָט קיינער נישט געוווסט. אַלע האָבן נאָר געוווסט, אַז ווען זיי גיבן חנהן געלט, וועט זי שוין עפּעס ברענגען פון די געוועלבער אינדרויסן און משהלען וועט צו־פאַלן אַ חלק גלייך מיט אַלעמען.

— שלאָפסט ר׳ משהלע? — האָט הענעך רופא אים גענומען וועקן — מ׳דאַרף געבן ממתקים, ר׳ משהלע. חנה גייט אין שטאָט אַריין.

— זאָל זי גיין, זאָל זי גיין, — האָט משהלע אָפּגעענטפערט נישט אַרויסשטעקנדיק קיין ברעג פּנים פון אונטערן פאַלטן — זאָל זי נאָר ברענגען, וועל יאַך שוין געבן.

און מענדעלע גרינוואקס, וועלכער איז אָפּט געלעגן ווי אַ קראַנקע טויב אין נעסט האָט שטיל גערופן חנהס נאָמען. זי האָט נישט גע־ענטפערט, האָט ער נאָכאַמאָל גערופן.

— חנהשי, — האָט ער מיט אַ הוסטל געהעכערט זיין שטי־מע — זי גייען באַלד, חנהשי?

— זי גייט באַלד, חנהשי, וואָס ווילט איר! — האָט חנה גע־פרעגט.

זי האָט געוווסט, אַז ער האָט אַן איבערגעפירטן מאָגן, דער מענ־דעלע, אַז ער איז אין אַלעם אַ שטילער און פאַמעלעכער, ווי אַלץ אין זיין גוף וואָלט געווען רואינירט. זי האָט אויך געוואוסט, אַז זיין פאָטער איז געווען באַרימט אַלס סוחר און למדן אין שטאָט און מענדעלע פלעגט טיילמאָל איבערגעבן דעם פאָטערס ווערטלעך, אַלעמען אין בונקער טרייסטן מיט פּסוקים, כאָטש ער איז געווען דער אָמ־שוואַכסטן פאַרהאַרטעוועטער צווישן די מענער אין בונקער.

— חנהשי, כ׳האָב צו אייך אַ בקשה, — האָט ער געזאָגט, — אַ שטיקל ווייס ברויט ווען זי קריגן. בעט זי דעם אַדאָשן.

אפשר זאָל זי פאַר דיר בעטן זעמעלעך מיט פּוטער? — האָט חנה אים צוגעוואָרפן.

באַלד נאָכדעם איז זי פון בונקער אַרויס און באַלד האָט זי זיך צוריקגעקערט, אַז אינדרויסן איז שוין „צו ליכטיק״ און אַלע זענען פון דעם „צו ליכטיק״ אינדרויסן געבליבן זיצן איינגעבראָכענע, גלייך ס׳וואָלט אויף זיי אַ וואַנט איינגעפאַלן.

— כ׳האָב דען נישט געוווּסט? כ׳האָב געוווּסט, — האָט חנה אַרויסגערעדט — אַז יאָך בין נאָר קראַנק, וועט מ׳שוין בלייבן אָן ברויט.

— אַ ביטערע מעשה — האָט משהלע אַרויסגעקלאָגט — אָן לחם איז אַ גאָר ביטערע מעשה.

— איר, משהלע, זאָלט שווייגן, — האָט חנה געענטפערט מיט כעס — איר האָט עפּעס געגעבן? מיט אייך דאַרף מ׳קוועטשן דריי שעה ביז איר רירט אייערס אַ גראָשן.

— רעגט זעך נישט אויף, רעגט זעך נישט אויף, — האָט משהלע געוואָלט פאַרגלעטן איר כעס — אַ לאַטישע פרוי זאָל זעך אויפרעגן? מעט זעך נאָך משדך זיין, חנהשי... אַז גאָט וועט העלפן, האָב יאָך ליב אַ לאַטישע פרוי...

— אַ לאַטישע פרוי האָט עך ליב? עך קענט עמיצן ליב האָבן? — איז חנה נאָך אויפגערעגטער געוואָרן — דער טויט ליגט אייך אויף אייער נאָז און געלט איז אייך דאָס ליבסטע... אייער געלט, קלערט איר, וועט מ׳אייך מיטגעבן אין קבר?

עס וואָלט אפשר לאַנג אָנגעהאַלטן איר קריג מיט משהלען. נאָר דער קאָזין הענעך רופא האָט עס נישט געוואָלט דערלאָזן, האָט ער געזאָגט:

— אויב משהלע וועט נישט געבן, וועל איך געבן. וואָס ער וועט נישט געבן לעבעדיקערהייט, וועל איך פון אים נעמען נאָך זיין טויט.

— פון מיר נעמט מען נישט! פון מיר האָט נאָך קיינער נישט גענומען! — האָט משהלע אויסגערופן — אַן אייגענעם ברידער האָק יאָך איבער די הענט. מיין אייגענער ברידער האָט אַמאָל געוואָלט נעמען פון מיר... וואָס מיינט עץ איז געוואָרן? יאָך בין גלייך אַוועק צו פּאָליציי, אַז מיין ברידער איז אַ געפּאַר... פּאָליציי האָט דעם יונג גלייך אָפּגעפירט אין חד גדיא מיט קייטעלעך אויף די הענט. פון מיר נעמט מען נישט...

— אַזאַ צעלייגער זענט עץ? — האָט חנה בייז געקוקט צו אים און משהלע האָט ווילעריש צוגעגעבן ווי אַזוי זיין מוטער איז צו אים געקומען ער זאָל נישט לאָזן דעם ברודער אין תפיסה.

— משהלע, — האָט זי מיר געזאָגט — וואָס נעמסט זיך עפּעס מיט מסירה אויף דיין אייגענעם ברידער? דיין ברידער האָט דען געוואָלט פאַר זעך? דער טאַטע דיינער, דער שמש, ווי לאַנג ער האָט זיך געדרייט ביים רב האָבן מיר גאָרנישט געוואָלט פון דיר. אָבער אַז דיין טאַטע קען מער נישט זיין קאַ שמש — פונוואַנען זאָלן מיר לעבן? וואָס נעמסטו זיך עפּעס מיט מסירה אויף אַן אייגענעם ברי־דער?

— אַ בראָך אויף אייער קאָפּ! אייער מאַמע איז דען נישט גערעכט געווען? —האָט חנה געפרעגט — איבער אַזוינע יידן ווי איר שעכט מען אונדז... מ׳פוילט אין די בונקערס און מ׳ווייסט נישט ווו מ׳קומט אַהין. אַן קברים ווערן מיר פאַרפאַלן...

— מיט משה רבינו איז געווען דיזעלבע געשיכטע. קיינער ווייסט נישט ווו זיינע ביינער זענען אַהינגעקומען און ווו זיין קבר געפינט זיך, זענען מיר גרעסערע יחסנים פון משה רבינו?

— איבער אַזוינע ווי איר, איז דאָס אַלץ... איבער אַזעלכע יידן ווי איר, איז אוודאי משה רבינו פאַרפאַלן געוואָרן.

נאָך אַ פויזע האָט חנה אַ זאָג געטאָן:

— חושך מצרים און קיינעם פאַלט נישט איין, מ׳דאַרף ס׳לעמפּל אָנצינדן. געפּגרטע מאַנסלייט. צינדט אָן אַ שוועבעלע.

— מ׳דאַרף נייע שוועבעלעך. די אַלטע זענען פייכט פון וויל־גאַטש.

חנה האָט אַליין אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און באַלד האָט אַ קאָפּ־טשענדיק בונקער לעמפּל באַלויכטן סיי די געלעגערס, סיי די אָנגע־שוואָלענע פּנימער פון די מענער. אַן אויפגעשוואָלן געזיכט האָט אַרויסגעשטעקט פון אונטער אַ פּאַלטן — העגעך רופאס געזיכט. אין זיינע אויגן איז געווען דער פּאַרגליווערטער בליק פון חדשים ליגן אַן לופט. שווייגנדיק האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער אָפּגעשוואַכטער חנה — אַזוי געעלטערט ווי דאָס מאָל האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. דערפון האָט דעם רופא אַ שוידער געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אַליין דערזען אין אַ שפּיגל.

און שווייגנדיק האָט ער זיך אַליין באַדויערט, ווי ביטער אים איז. אַמאָל איז ער אין שטאָט געווען באַוווסט ביי אַ סך אָרעמע ווייבער און פּויערים זענען צו אים געפאָרן און צופוס געקומען פון אַלע נאָענטע דערפער. זיין אויפנאַם צימער איז שטענדיק געווען אַ קרעטש־מע פון קראַנקע. וויפל פּויערים האָט ער געדאַרפט היילן בלויז אין יאַריד טעג? ער האָט זיי אַלעמען געהיילט אָרנטליך, טיילמאָל אָן געלט. און היינט?

— טראַכסט רופא? האָסט עפּעס צוגעטראַכט אַ נייע דאָקטאָרשע זאַך? — האָט משהלע אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט דער רופא געענטפערט — כ׳האָב אַ געדאַנק. איך דאַרף נישט ליגן דאָ. כ׳דאַרף אַ גיי טון ערגעץ. פּויערים קענען מיך אין אַלע דערפער.

— און איך? וועגן מיר האָסטו גאָרנישט געטראַכט, קוזין מיינער? ס׳וועט נאַכט ווערן, לאָמיר גיין צוזאַמען, — האָט משהלע פאַרלאַנגט — ס׳איז אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט, אָפּגעמאַכט.

— צושנעל, רופא. קודם מוז מען צוגרייטן אַ פּלאַן. וואָס מיינסטו אָפּגעמאַכט? — האָט משהלע נישט אָפּגעלאָזט — מירן זיך אַרויס־לאָזן ווי נאַראָנים? ניין רופא. מירן נישט אַוועקגיין אין דערפער, זוו

מ׳קען דיך. מירן אַריין אין פרעמדע דערפער. מירן זאָגן, מיר זענען פּאָוסטאַנצעס. פון וואַרשעווער אויפשטאַנד. אַזוי האָט געמאַכט דעם גאַרבערס זון, דער סטודענט.

— פונוואַנען ווייסט עץ וועגן דעם סטודענט? — האָט חנה גע־פרעגט.

— יאַך וויס וועגן יעדן איינעם. דעם גאַרבערס זון זיצט אין אַ דאָרף, פינף קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. דאָרט פרעסט ער און טרינקט מיט אַ כראַבינע. אין רופא וועלן זיך אויך איינליבן אַ פּאָר כראַבינעס.

— יאָ, יאָ, — האָט חנה אַרויסגעזיפצט.

— דער רופא וועט זיך איינמאָל אויסבאָדן און אויסשלאָפן, וועט ער אויס׳זען ווי יעדער דאקטאר. האַ הענעך? ביי די כראבינעס וועסטו אָנהויבן היילן קראַנקע פויערים. איכ׳ל מיר אָנטאָן אַ ווייסן כאַלאַט. איכ׳ל ווערן אונטערפירער ביי דיינע פּאַציענטן. ס׳איז אָפּגעמאַכט רופא?

— אָפּגעמאַכט, — האָט דער רופא איינגעשטימט — אָפּגעמאַכט.

— אָפּגעמאַכט, — האָט משהלע אויסגעשטרעקט אַ האַנט — פּאַר־נאַכט וועלן מיר אַרויס פונדאַנען.

און פאַרנאַכט האָבןביידע ווי פאַרגעסן אין זייער אָפּמאַך. נאָר איין חנה האָט נישט פאַרגעסן. אויפסניי מיט פרישער ענערגיע האָט זי זיך געגרייט אַרויסצוגיין „אין די גאַסן״. די מענער האָבן ווידער געזאַמלט אַ געלט שותפות, אַז זי זאָל פאַר זיי איינקויפן ברויט און מיט משהלען האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען ס׳זעלבע וואָס אין באַ־גינען.

— מ׳דאַרף געבן ממתקים, ר׳ משהלע. חנה גייט אין שטאָט אַריין.

— זאָל זי גיין, זאָל זי גיין, — האָט משהלע געענטפערט — זאָל זי נאָר ברענגען, וועל יאַך שוין געבן.

יאַנקל, דער „לוח שרייבער״, איז געוואָרן אין כעס און מענדעלע גרינוואקס מיט אַ שטיל הוסטל האָט ווידער גערופן:

— חנהשי, זי גייען טאַקע, חנהשי?

— זי גייט טאַקע חנהשי, וואָס ווילט איר?

— חנהשי, כ׳האָב צו אײַך אַ בקשה, — האָט ער ווידער געזאָגט — אַ שטיקל ווייס ברויט ווען זי קריגן. בעטן זי ביי דעם אַדאָשן...

— וואָס נאָך זאָל זי בעטן פאַר דיר? נאָר ווייס ברויט? — האָט משהלע זיך אָנגערופן — אפשר זאָל זי דיר ברענגען געבראָטענע הינדלעך? וואָס זיין קעפּעלע קלערט אַלץ אויס.

— וואָס איר חלומט אַלץ, אַ זיסער חלום אויף אייך! כ׳דאַרף אויך אַ שטיקל ווייס געבעקס. כ׳האָב אויך אַ קראַנקע לעבער! — איז חנה שוין געשטאַנען מיט אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ — טוט בעסער תפילה כ׳זאָל צוריקקומען בשלום... מעג זיין מיט שוואַרץ ברויט.

— זי וועלן קומען בשלום... מלאכים וועלן אייך היטן... אייערע מלאכים, חנהשי...

חנה האָט געפרעגט:

— פונוואַנען האָב איך מלאכים? אַ גאַנצע שטאָט יידן האָבן נישט געהאַט קיין מלאכים, זאָל איך זיי פונקט האָבן?

— וואָס רעדן זי? — האָט מענדעלע נישט געוואָלט נאָכגעבן — אַ מבול האָט אַמאָל די וועלט פאַרפלייצט — שטייט אין הייליקן חומש. איר קענט די געשיכטע פון חומש וועגן נחס תיבה? דאָס איז עס. היינט איז דער בונקער אונדזער תיבה. און זי חנהשי, זענען דער נח פון דער תיבה. זי האָבן דעם בונקער געמאַכט און זי האָבן שוין אומעטום מלאכים...

— וואָס רעדן זי מענדל? — האָט חנה אויף אים געקוקט פון דער שוואַרצער פאַטשיילע אַרויס — וואָס פאַרגלייכט איר דאָס גרוב צו נחס תיבה?

— הערן זי נישט וואָס דער חסיד דברט! — האָט משהלע אַ זאָג געטאָן — קריכן זי שוין אַרויס פון דער תיבה.

און ווען חנה איז שוין פאַרטיק געווען צום אַרויסקריכן פון דער „תיבה" איז זי אַזוי שטיין געבליבן, גלייך מ׳וואָלט זי ב׳גוואַלד אַרויסגעשלעפּט פון אַ ליבער, אויסגעוואַרעמטער היים.

## אַ מאָרגן מיט אַ נייעם אָנהויב

באַשעלע פידלער איז פאַרבליבן אין אַ שטאָט, ווו עס האָט זיך נישט געזען קיין איינציקער ייד און פאַרבייגייער אין די גאַסן פלעגן איר נאָכקוקן מיט אויסטערלישן חידוש.

— פונוואַנען ? — פלעגט באַשעלע טיילמאָל דערהערן — פונוואַנען האָט זי זיך גענומען ?

אין די ווערטער: „פונוואַנען האָט זי זיך גענומען", פלעגט באַשעלע דערהערן די אומצופרידנקייט פון אירע פאַרבייגייער, אַז זיי פאָרדריסט איר צוריקזיין, איר לעבן וואָס זי לעבט נאָך.

ווען זי איז אַרויס פון בונקער האָט זי געהאָפט, אַז נאָך יידן זענען ערגעץ אויסבאַהאַלטן, אַז זי וועט נישט זיין די איינציק איינזאַמע אין שטאָט. דערווייל האָט די איינזאַמקייט זי נישט בלויז געשלאָגן אין גאַס צווישן פאַרבייגייער; אין שטוב איז געווען נאָך פיינלעכער. זי פלעגט אַריינטראַכטן וועגן אַוועקפאָרן. אָבער דאָס האָט זי גראַד נישט געקענט, ווייל אינדערזעלבער צייט ווען זי פלעגט אַריינקלערן וועגן אַוועקפאָרן, האָט זי אויך געהאַט אַנדערע מחשבות: טאָמער וועט נאָך איר פאַרשווינדן עמיצער אַהערקומען אין דער שטאָט ? איז צוזוועמען וועט מען אַהערקומען, אויב מ'וועט נישט טרעפן קיין יידישן מענטש, קיין איין יידישע שטוב ?

זי האָט געוואָלט, אַז די שטאָט זאָל נישט בלייבן אָן אַ יידישער שטוב און יעדן פרימאָרגן איז זי אַרויס אין די פרעמד געוואָרענע גאַסן, זוכן אַ יידישן מענטש. האָט פאַסירט זי האָט זיך טועה געווען אין אַ „פנים" פון די פאַרבייגייער, האָט עס זי נישט אָפּגעהאַלטן פון ווייטערדיקן אַרומזוכן. זי האָט נישט אויפגעהערט גלויבן, אַז אַ יידישער מענטש וועט זיך באַווייזן. מיט דעם גלויבן איז זי יעדעס מאָל אַרויס אין שטאָט. אַ פּאָר בייגל פון אַ בעקעריי, פלעגט אָפט זיין

איר פרישטיק. איז זי אַהיים אָפּקאָכן מיטאָג, האָט זיך איר נאָר אויסגעדאַכט, אַז זי פאַרשפעטיקט „עמיצן״ אײנדרויסן. אַזוי טאָג נאָך טאָג. אַ געיאָגטע, מיט איבערגעלאָדענער בענקשאַפט און מיט איבער־געלאָדענעם גלויבן אין באַגעגענען אַ יידישן מענטש, איז זי נישט מיד געוואָרן פון אַרומגיין אין די פרעמד געוואָרענע גאַסן, ווו זי האָט נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן, וועמען „גוט מאָרגן״ צו זאָגן.

— רבונו של עולם, — האָט זי פאַרבאָרגן געבעטן — שיק אַריין אַ ייד אין דער שטאָט.

און אָפט פלעגט זיך איר אויסדאַכטן, אַז אַ ייד וואַרט ביי דער טיר פון איר וווינונג. זי דאַרף נאָר אַהיימגיין, וועט זי אים דאָרט טרעפן. דעם ייד האָט זי אָבער נישט געזען, נישט ביי איר טיר, און נישט אין די גאַסן. יידן פלעגט זי נאָר זען ביינאַכט אין חלום און אַלץ אין בית המדרש. האָט זי אָבער אויפגעוואַכט פון די חלומות איז זי געבליבן דערשלאָגן, ווי אין פאַרגאַנגענע פרימאָרגנס, ווידער האָט זי נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן, וועמען „גוט מאָרגן״ צו זאָגן.

— צו וואָס לעב איך? צו וואָס בין איך געבליבן? — פלעגט זי טיילמאָל פרעגן — אַז איך בין עלנט אין שטוב און עלנט אין גאַס?

אין שטוב איז געשטאַנען אַ דיק פּיסיקער טיש. דעם טיש האָט מען געקענט פאַרגרעסערן פאַר צוואַנציק מענטשן. ביי אָט דעם טיש — האָט זי צום ווײפלטן מאָל אַריינגעקלערט — האָבן אוודאי געשיכורט עס־עס לייט נאָך זייערע פאַרברעכנס, נאָך מאָרדן און נאָך שענדונגען איבער יידן פון שטאָט.

און פרייטיק צו נאַכטס איז זי געשטאַנען ביי דעם טיש און געוויינט נאָך אַלע אומגעקומענע ביים ליכט בענטשן.

און איינמאָל פרייטיק צונאַכטס, בעת זי איז אַזוי געשטאַנען אויז געקלאָגט, גלייך זי וואָלט ביי די בענטש־ליכט מזכיר נשמות געווען — איז אין שטוב אַריין אַן עלטערער מאַן אין אַ פופייקע מיט וואַטענע הויזן און מיט שוואַרצע ווילעקעס ביז די קני. אויף זיין קאָפּ איז געזעסן אַ ברוינע פוטערנע פאַפּאַכע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערנלאַפּן. די אויערנלאַפּן האָבן כמעט פאַרשטעלט ס׳גאַנצע פנים פון דעם מאַן.

פעניצלעך באַקן האָבן זיך נאָר אַרויסגעזען, פאַרויטלטע פון פראָסט אינדרויסן.

— גוט שבת, — האָט ער געזאָגט.

באַשע איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין ווינען ביי די ליכט, די האַנטפלאַכן אַזוי צוגעדריקט אויף די אויגן געהאַלטן, אַז זי האָט נישט באַמערקט נישט דעם מאַנס אַריינקומען, נישט דעם ציטער פון די ליכטפלעמלעך, וואָס האָבן געכאַפּט אַ בלאָז בעת דער מאַן האָט געעפנט די טיר. זי האָט נישט געהערט זיין „גוט שבת" און ווען זי האָט אים דערזען האָט דאָס נאָך נישט איינגעשטילטע געוויין אין איר זיך אויפסניי אָנגעהויבן, סיי פונעם דערזען דעם אומגעריכטן גאַסט, סיי פונעם דערהערן זיין נאָכאַמאָל געזאָגטן „גוט שבת!"

— גוט שבת! גוט שבת! — האָט באַשע געענטפערט.

אָבער איר „גוט שבת" איז אַרויס איינגעוויקט אין טרערן. די גאַנצע פּיין וואָס איז אין איר האַרץ ווי פאַרגליווערט געווען, דער גאַנצער יאָמער וועלכן זי האָט נישט געהאַט ביז דעם מאָמענט פאַר וועמען אַרויסצוקלאָגן — האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן, ביטער און שטורמיש, גלייך זי וואָלט זיך געפונען ביי אַ קבר און קען נישט מער צוריקגיין צום לעבן פון דעם קבר. איר געוויין איז אַזוי ספּאַז־מאַטיש הייס געשטיגן, אַז דער גאַסט האָט געפילט ווי עס עלעקטרי־זירט זיינע געהירן, קיינמאָל האָט ער נישט געהאַט געהערט אַזאַ גע־וויין. באַשעלעס פאַרוויינטע פנים איז אים פאַרגעקומען באַקאַנט, נאָר ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען פונוואַנען ער קען זי. צום ווייפלטן מאָל האָט ער אָנגענומען אירע הענט, וועלנדיק איינשטילן איר געוויין.

— שבת איז טרערן אַן עבירה... — האָט ער אַ זאָג געטאָן — אַן עבירה...

— פונוואַנען קומט איר? — האָט באַשעלע דורך טרערן באַקוקט זיין פופייקע מיט זיינע ווויליקעס ביז די קני — פון וועלכער מדינה קומט איר?

— פון אַ וויטער מדינה... פון סיביר.

— פונוואַנען ?

— פון סיביר.

— פון יענע מקומות ? — האָט זי נענטער באַטראַכט זיין הולך — דאַרפט איר דאָך לעבן מיט הונדערט יאָר מער, אַז איר האָט דעם חורבן נישט געזען.

— פאַר מיר הייבט זיך יעצט אָן דער חורבן — האָט ער אַרויס־געזיפצט.

— זעצט אייך נאָר, מיר וועלן באַלד עסן, — ווי אַזוי האָט איר אַריינגעטראָפן צו מיר ? איר זענט אַ היגער ?

— מער היגער פון אייך ! די פירמע וויינבערג האָט איר גע־קענט ?

— פון שניט סחורה ? — האָט זי איבערראַשט געפרעגט — איר זענט עס וויינבערג פון שניט ?

—וויינבערג פון שניט... און ווער זענען זי ?

— פידלער, פון גאַלאַנטעריע.

— באַשעלע ? באַשעלע פון גאַלאַנטעריע ? דאָס זענט איר באַ־שעלע ? ווייסן זי עפּעס פון מיין פאַמיליע ?

ער האָט זי פאָטערליך אַרומגענומען, פאָטערליך זי געקושט אין שטערן. דערנאָך האָט ער ווידעראַמאָל אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן זיין ווייב, זין און טעכטער. אָבער באַשעלע האָט וועגן זיי גאָרנישט געוווסט. זי האָט זיי נישט געזען אין געטאָ. וויינבערג איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען פון נאָכפרעגן. אַנטשוויגן געוואָרן איז ער ערשט דאַ־מאָלט, ווען באַשעלע האָט גענומען אַריינטראָגן שבתדיק עסן, וואָס זי האָט אָנגעגרייט בייטאָג.

— דאַוונט און וואַשט זיך, — האָט זי געזאָגט, — איר האָט אַ סידורל ?

ער האָט אויך געוואַשן די הענט פאַרן דאַוונען. קידוש האָט ער געמאַכט איבער אַ צוגעדעקט ברויט מיט אַ פּאָר צוגעדעקטע זעמל. דערנאָך האָבן זיךביידע געזעצט עסן די זעמל מיט פיש.

— ווי אַזוי האָט איר אַריינגעטראָפן צו מיר? — האָט באַשעלע געוואָלט וויסן.

— ווי אַזוי? — האָט ער דערוואָרעמט זי אָנגעקוקט — ס׳אַ גאַנצע געשיכטע. אין וואָקזאַל האָט מען מיר געזאָגט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין איין ייד... שטעלן זי זיך פאַר ווי ביטער מיר איז געוואָרן?

— ווען איך בין נישטאָ, — האָט באַשעלע געענטפערט — וואָלט איר טאַקע נישט געהאַט צו וועמען אַריינצוגיין.

—יאָ יאָ — האָט וויינבערג אַרויסגעקרעכצט — אין רוסלאַנד האָב איך גאָרנישט באַנומען, ווי טיף מיר זענען באַגראָבן געוואָרן... באַלד נאָכן אַריבערקומען די גרענעץ אין טערעספאָל, קומט צו מיר צו אַ הויכער פּאָליאַק מיט צייטונגען: „די יידן זענען אויסגעפּאַרטיקט... די איבערגעבליבענע וועט מען אויך"... זי פאַרשטייען? דער מנוול האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ פּאָליאַק, אַ ריכטיק פּאָלק די פּאָליאַקן? האַ? וואָס זאָגן זי באַשעלע? פאַרוואָס האָבן מיר פאַנטאַזיעס? פון סיביר האָט עס מיך געיאָגט. און וואָס מיינען זי? כ׳בין נאָך רעכט נישט אַראָפּ פון דער באַן, יאָגט עס מיך אויפסניי. ס׳יאָגט און ס׳יאָגט. פאַרשידענע צוטשעפּענישן זענען מיר היינט שוין אין קאָפּ אַריין. שוואַרציאָרן, באַלעבאַטעוועז אין מיין געשעפט... און איך בין געשטאַנען ווי אַ בעטלער ביי מיין געוועלב... כ׳האָב געקלערט: אַריינגיין? צום ענדע האָב איך באַשלאָסן: ווערן זיי אויסגעריסן! מיין דירה בין איך שוין נישט געגאַנגען זען. דער סטרוזש האָט מיך אַריינגערופן. כ׳בין ביי אים אָפּגעזעסן. פאַר דער מלחמה, איז ער יעדן פרייטיק געקומען צו מיר נאָך „פּיאַנטקאָווע", היינט לעבט ער רייכער, ווי איך האָב געלעבט... אין ס׳אַראַ צימערן ער האָט זיך באַזעצט. מיין מעבל האָב איך דאָרט געזען. אַפילו מיין ראַדיאָ אַפּאַראַט... ער האָט מיך אינגאַנצן געירשנט... דער אויסוווּרף, האָט מיך נישט ספּעציעל אַריינגערופן איך זאָל זען מיין בראָך? — האָט וויינבערג געפרעגט — אַז איך זיץ נאָך דאָ באַשעלע, אַז איך האָב עס אויסגעהאַלטן...

— איך האָב מער איבערגעהאַלטן. איר וועט סיי ווי לעבן נאָך

הונדערט יאָר, אַז איר זענט דאָ נישט געווען... עסט, ס'ווערט קאַלט, — האָט זי אָנגעוויזן.

אַביסל שפּעטער האָט ווײַנבערג געטרונקען שבתדיקע, הייסע ט״י, וואָס באַשעלע האָט אים כסדר צוגעשטעלט. עטלעכע גלעזער טיי האָט ער שוין געהאַט אויסגעטרונקען און נישט שעמעוודיק זיך גע־הייסן דערלאַנגען נאָך און נאָך. די טיי האָט באַשעלע געטראָגן פון קיך. ביי יעדן גלאָז טיי האָט ער פּרובירט אויפוויזן, אַז זי מוז וואָס גיכער פון דער שטאָט אַוועקפאָרן.

— ס'זאָלן אַפילו נאָך צען יידן אַהערקומען, רעכנט איר דאָ צו בלייבן? מ'דאַרף אַוועק ווו ס'זענען פאַראַן יידן...

— מיר דאַרפן דערוויל זיין, ווו ס'זענען נישטאָ קיין יידן, — האָט באַשעלע געענטפערט — שטעלט אייך פאָר ווען איר טרעפט מיך נישט? און אויב איך וועל איבערמאָרגן איינפּאַקן ס'פּעקל? צו וועמען וועלן אַריינגיין יענע יידן, וואָס וועלן דערנאָך אַהערקומען?

די ליכטפּלעמלעך האָבן געהאַלטן ביי ענדע. דער אַלטער ווײַנ־בערג נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומוואַגלען אין שטאָט, איז געפאַלן פון מידקייט. באַשעלע האָט אויף גיך אָרגאַניזירט אַ געלעגער אין צווייטן צימער און ווען ער איז שוין געלעגן אונטער פריש איבערגעצויגענעם בעטגעוואַנט — וועגן וואָס ער האָט וואָכן נאָכאַנאַנד געחלומט אויפן וועג פון סיביר — איז אים פונדעסטוועגן נישט ניחא געווען, דאָס געלעגער. אָט צו וואָס ער איז דערפאָרן? ער, ווײַנבערג, וועמענס שניט גע־שעפט האָט זיך גערעכנט דאָס גרעסטע אין שטאָט, פון זיין גאַנצן רייכטום ליגט ער אין געהאַקטע ווונדן אין פרעמד בעטגעוואַנט, זיין אייגנטום געהערט צו פרעמדע. און זיין ווייב מיט זיינע קינדער?

פון שכנותדיקן דאַך אין הויף האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון אַן אונטערגעריסן שטיק בלעך. נאַכט ווינטן האָבן עס יאָמערלעך געריסן. מיטן יאָמער פון די נאַכט־ווינטן האָט מיטגעווינט דאָס האַרץ פונעם אַלטן ווײַנבערג. זיין פרוי, זיינע קינדער, זענען זיכער אין אַזאַ נאַכט געוואָרן פאַרשלעפּט און דערמאָרדעט? האַ? און ער ווײַנבערג? ער מאָרדעוועט זיך איצט אַליין. וואָס איז שוין זיין ווערט?

מיט וואָס איז זיין ווערט אַנדערש פונעם אונטערגעריסענעם שטיק בלעך אויפן דאַך?

און וואָס האָט געקלערט באַשעלע פידלער? פאַר איר איז געווען אַ פרייד, וואָס דער מאָרגנדיקער פרימאָרגן וועט זיין אַנדערש פון אַלע פרימאָרגנס. זינט זי איז פונעם בונקער אַרויס האָט איר קיינער נישט געזאָגט: „גוט מאָרגן", מאָרגן אינדערפרי וועט וויינבערג זאָגן „גוט שבת", און ס'וועט שוין זיין אַנדערש ווי ביז היינט. ס'וועט זיין — אַ מאָרגן מיט אַ נייעם אָנהויב.

# שויבן־ברעכער

ס׳איז געווען אָנפאַנג אָוונט. אין די פענסטער פון סאַקסנס פוטער געשעפט, זענען באַלויכטן געוואָרן פאַרשידענע סאָרטן פוטער מיט כלערליי דאַמען־מאַנטלען, אָנגעפּעלצטע אויף מאַנעקינען. צופוסנס די מאַנקינען, זענען געלעגן געלע פוקסן, ברוינע פוקסן, נאָרוועגישע זיל־בער־פוקסן און אַ דאַמישער עולם האָט אָן אויפהער די באַלויכטענע שויבן באַלאַגערט.

עטלעכע טריט פון די באַלאַגערטע שויבן, אויפן ברעג טראָטואַר, איז געשטאַנען יואל אַמסטערדאַם. אויך ער האָט גאָרנישט געקענט אַוועק פון דעם באַלויכטענעם געשעפט.

זינט אַ צייט האָט אים געפּלאָגט אַ געוווינהייט סיי אָפּצושטיין ביי מינכענער געשעפטן, סיי אַריינצוגיין אין זיי און פאָרשן אין די פנימער פון זייערע אייגנטימער, ווי מען פאָרשט די שפּורן פון פאַר־ברעכער.

אין לאַגער ווו ער האָט געווווינט האָט ער געלעבט אָפּגעפרעמדט פון די נאָענטסטע טיר־שכנים. די אָפּגעפרעמדטקייט האָט ער אָנ־געהויבן נאָך אַ „יזכור" אין גרויסן לאַגער־זאַל. „מ׳דאַרף אונטער־צינדן די מדינה, ווער איז גרייט?" — האָט ער דאַן געפאָדערט — „אונדזערע ברידער אין די אַליאירטע אַרמייען האָבן זי שוין געצונדן" — האָט אָפּגעענטפערט איינער פון לאַגער קאָמיטעט. זינט דאַן האָט זיך אַמסטערדאַם אָפּגעזונדערט. ער זאָל זינט יענעם „יזכור" ווען זיין צו גאַסט ביי עמיצן האָט מען שוין אויך נישט באַמערקט. מ׳האָט אים נאָר געזען אין לאַגער־מאַגאַזינען אָפּנעמען פּראָדוקטן, אָדער אין קאָמיטעט־צימער ביים אַרויסנעמען חודש־קאַרטן אויף פּראָדוקטן. די שכנים האָט נאָר געחידושט: נאָכוואָס פאָרט דער מענטש יעדן טאָג אין שטאָט?

— ר׳ יואל, איר פּאָרט שוין ווידער קיין מינכען? — פלעגט אַ חברה צושטיין, דערזעענדיק אַמסטערדאַמען ביי דער וואָקזאַל קאַסע — וואָס פאָרט איר קיין מינכען ר׳ יואל? איר מאַכט ביזנעס?

אין דער לויפנדיקער באַן האָבן אים די חברה פון ס׳ניי אַרומבאַלאַגערט נאָכוואָס ער פאָרט קיין מינכען. און אַמסטערדאַם? ער האָט דאַן אַרויסגעקוקט אויף פאַרבייפאָרנדיקע פעלדער און וועלדער, אָדער געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט אונטערגעדרימלט.

—ווי זענט איר ביינאַכט, ר׳ יואל? — האָבן שטימען נישט צורו געלאָזט. — האַ, ר׳ יואל?

טיילמאָל האָט ער אויפגעצאָרנט, נאָר די יונגען זענען געפאָרן אַ גאַנצע מחנה. איז ער אַוועק אין אַ צווייטן וואַגאָן, זענען זיי נאָך, אָנפאַנגענדיק מיט פרישער דרייסטקייט.

און כדי נישט צו טרעפן די חברה אין באַן, איז ער דאָס מאָל אַרויסגעפאָרן שפּעטלעך פון לאַגער. אין שטאָט אַרייך האָט געגומען ביי אַ שעה און נאָך אַ צייט אַרומבלאָנקעניש איבער די מינכענער גאַסן, איז ער שטיין געבליבן ביי דער נייער קראָם מיט נייע פוטערנע דאַמען-מאַנטלען און מיט אַנדערע סאָרטן ניי פוטערוואַרג. דער נאָמען „סאקס״ אויף דער שילד האָט אים נישט געלאָזט פאַרבייגיין. דערנאָך האָט ער זיך געפונען צווישן די ווענט פונעם געשעפט, ווו אויף שמאָלע, ברוינע טישן האָט זיך געזען: סיי פאַרשידענע סאָרטן פוטער, סיי געבויגענע דאַמען-קעפּ איבער דעם פוטערוואַרג. די קראָם איז געווען איבערפּאַקט מיט קונים. אַן אַמעריקאַנער יונגער זעלנער האָט שמייכלענדיק געצערטלט אַ „בּאַרוועגישן זילבער פוקס״ אָנגעהאַנגען אויפן האַלדז פון אַ יונגער פריילין. ווי לאַנג אַמסטערדאַם האָט זיך אין דעם פוטער-געשעפט געפּלאָנטערט, האָט ער דאָרט נאָר געזען דעם אייגנטימערס פּנים. אויך אויף דער גאַס האָט ער דאָס פּנים געזען, כאָטש דאָס פנים האָט זיך געפונען הינטער די באַלאַגערטע פענסטער, וואָס זענען אַלץ געדיכטער באַלאַגערט געוואָרן.

—זאָל ער זיין דערזעלבער? דערעזילעבער סאקס? — האָט אַמסטערדאַם זיך געפרעגט.

## ביי פּאָרשידענע טישן

הינטער זיינע פּלייצעס האָט געוואַלדעוועט דער גאַסן־פּאַרקער פון אָנהויב אָוונט. לאַסט־אויטאָמאָבילן נאָך לאַסט־אויטאָמאָבילן, מאָ־טאָרציקלען נאָך מאָטאָרציקלען, זענען געלאָפן מיט קראַכערײַ, גלייך מ׳וואָלט פון נאָענט אַרויפגעשאָסן ראַקעטן צום הימל. נעפּלדיק פּייכט איז געווען די לופט. אַמסטערדאַמען האָט מיטאַמאָל געגומען שווידערן, ווי ער וואָלט שעהען נאָכאַנאַנד אָפּגעלעגן אין שיכּרות אויפן גאַס און זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט אַ ניכטערער.

— זאָל ער זיין דער זעלבער סאַקס? — האָט ער אַלץ נאָכגע־קלערט — און אויב דערזעלבער? און אויב דער סאַקס האָט זיין רייכטום פון געשלאָגענע? וואָס קען ער, אַמסטערדאַם, טאָן, אַז יענער געפינט זיך נישט אין זיין גאַס, נאָר ער אין יענעמס?

— וואָס שטייט איר דאָ, מיסטער אַמסטערדאַם? אויף וועמען וואַרט איר?

פאַר אַמסטערדאַמען איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן. ער האָט זיך געצערטלט די בלאָנדע טשופּרינע. ס׳געזיכט האָט אויסגעזען ווי נאָר וואָס פון ראַזירמעסער אַוועק. און צופרידן און מונטער איז דער יונג געווען, גלייך ער וואָלט אין דער מינוט פון אַ לוסטיקער קאָמפּאַ־ניע זיך אָפּגעטיילט.

— איר דערקענט מיך נישט, ר׳ יואל? מיך רופט מען אַלאַ לאַ!

— האָט דער יונג זיך פאַרגעשטעלט — אַלאַ לאַ!

אַמסטערדאַם האָט אין דעם אַלאַ־לאַ דערקענט אַן איינוווינער פון לאַגער, איינעם פון יענער חברה, וועלכע גיבן אים נישט קיין מנוחה אין דער באַן. אין דער באַן וואָלט יואל אַמסטערדאַם זיך אָפּ־געקערט פון אַזאַ איינעם. ביי דער פוטער־קראָם פון סאַקסן איז אַנדערש געשען. ער האָט געלאָזט זיך אַרומנעמען פון דעם יונגס הענט. איידער ער האָט דעם אַלאַ־לאַ רעכט אָנגעקוקט, האָט יענער אים שוין געפירט געאָרעמט.

— איר זעט דאָך אויס, זאָל גאָט אָפּהיטן. דאָ איז אַ רעסטאָראַן, ר׳ יואל. קומט אַריין, וועלן מיר עפּעס אויסטרינקען.

דער רעסטאָראַן האָט אויסגעזען ניי איבערגעבויט מיט נייע טיש־

לעך, נייע שטולן, און מיט אַ נייעם בופעט. הינטער דעם בופעט האָבן אַן לשון זיך געפּאַרעט עטלעכע פּרויען. עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון געפּעס. אַ דיקער, ליסער פאַרשוין, וועלכער האָט דעם אַלאַ־לאַ באַגריסט מיט אַן אופן פון אַלטער באַקאַנטשאַפט, האָט אַנגעוויזן אויף אַ פריי טישל צווישן באַזעצטע טישלעך מיט ביר טרינקער, וועלכע האָבן טומלדיק פאַרנעפּלט דעם זאַל מיטן רויך פון אַמעריקאַנער פּאַפּיראָסן.

— היינט האָבן מיר גערעדט וועגן אייך, ר׳ יואל. מ׳האָט אייך גאָרנישט געזען אין באַן. מיט וועלכן צוג זענט איר געפאָרן?

אַמסטערדאַם האָט נישט געענטפערט. דער יונג האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— אין וואָס, ר׳ יואל, זענט איר אַריינגעדאגהט? זאָגט אַ פּאָר ווערטער. וואָס ווילט איר טרינקען?

אַמסטערדאַם האָט נישט געענטפערט.

— ווען האָט איר אָפּגעוואָרט אויפן גאָס? וועגן וואָס זענט איר דאָרט געשטאַנען אַזוי פאַרקלערט? נאָך אַלץ וועגן פאַרברענען די מדינה? וועגן פאַרברענען די מדינה זאָלן אַנדערע טראַכטן. אַזוינע, וואָס פירן מיט מדינות. איר הערט מיך, ר׳ יואל, — האָט אַלאַ־לאַ אַ זאָג געטאָן — פאָלגט מיך, הויבט אָן אַביסל מסחר. אַ סך פון לאַגער שלאָפן נישט. איך קען אייך צונעמען אין אונדזער קאָמפּאַניע. מיר זענען דריי מאַן, וועט זיין אַ פערטער. נו, ר׳ יואל, וואָס ווילט איר טרינקען?

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט אַלאַ־לאַ באַשטעלט הייסע קאַווע, נאָר אַמסטערדאַם האָט די קאַווע צום מויל נישט צוגערירט. ער האָט אַפילו נישט געזען, ווען אַ קעלנערין האָט זי אויפן טישל דערלאַנגט. עס האָט אים עפּעס אַנדערש באַשעפטיקט. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין באַטראַכטן די נייע שפּיגלען, נייע פאָרהאַנגען מיט אַנדערע איינריכטונגען אין דעם רעסטאָראַן. אויף אַלע איינריכטונגען האָט ער געקוקט, ווי ער זאָל דאָס זען ביי זיינעם אַ בעל־חוב. אַלאַ־לאַ האָט געזאָגט מבינות אויף די איינריכטונגען. אַמאָל האָט זיין

פֿאָטער אָנגעפֿירט מיט אַ רעסטאָראַן, און ווען ער, אָלאַ־לאַ, וועט זיך באַזעצן אין אַמעריקע, וועט ער אויך ווערן אַ רעסטאָראַן־אײגנטימער.

— איך האַנדל מיט דרײַ סאָלדאַטן, נעגערס, — האָט אָלאַ־לאַ דערציילט — פֿון אײנעם דערוויס איך זיך אַ סך זאַכן וועגן אַמע־ריקע.

אַמסטערדאַם האָט אַפֿילו נישט אויסגעהערט קיין פּאָר פּראַצענט פֿון אָלאַ־לאַס רייד. אַרײַנגעטאָן אין די נײַע זאַל־אײַנריכטונגען האָט ער צומאָל נישט באַמערקט ווען אָלאַ־לאַ איז פֿון טיש פֿאַרשוואונדן. פּלוצים האָט ער דעם יונג דערזען בײַ אַן אַנדער טיש. דאָס איבערזעצן זיך פֿון טיש צו טיש איז געווען אָלאַ־לאַס פֿעאיקייט, ווי בײַ פֿייגל איבערצופֿליען פֿון איין בוים אויפֿן צווייטן. באַלד האָט אַמסטערדאַם דערזען דעם יונג בײַ אַ דריט טיש. דאָס מאָל נעבן אַ דאַמע מיט אַן אַמעריקאַנער זעלנער. אין דער גערעלשאַפֿט פֿון דער דאַמע מיטן זעלנער האָט אָלאַ־לאַ געלאַכט, אונטערוואַרעמענדיק דאָס געלעכטער דורך עפּעס אָנווײַזן צו דער גאַס.

— אומעטום איז דאָס אינדערהיים. אומעטום שטייט דאָס אויף די פּיס, — האָט אַמסטערדאַם ווי עמיצן נאָכגעזאָגט.

— דאָ, דאָ, ר׳ יואל! — האָט אָלאַ־לאַ פּלוצים אַ רוף געטאָן — ר׳ יואל!

דאָס רופֿן: „ר׳ יואל!” איז געווען אַזוי שרײַענדיק, אַז פֿון שכנותדיקע טישלעך האָט מען גענומען קוקן סײַ צום רופֿער, סײַ צום גערופֿענעם, וועלכער האָט זיך פֿון אָרט נישט גערירט.

— אַז איך רוף אײַך! — איז אָלאַ־לאַ צוגעקומען צו אַמסטער־דאַמען — דער אַמעריקאַנער איז אַ ייִד! מײַנס אַ באַקאַנטער!

— קומט, מ׳עט מאַכן אַ כוסה! — האָט דער יונג אים געשלעפּט.

מינוטן שפּעטער זענען בײדע געווען בײַם סאָלדאַט. זיצנדיקערהייט האָט דער זעלנער געשטעקט אַ האַנט אין אַמסטערדאַמס. פֿון צעמישונג האָט אַמסטערדאַם אַפֿילו נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער סאָלדאַט האָט אים אַ פֿרעג געטאָן. אינעם ערשטן מאָמענט האָט ער צומאָל נישט

געגלויבט, אַז די יונגע דאַמע וואָס טוליעט איר קעפּל אינעם זעלנערס אַקסל איז אַ יידישע טאָכטער. און דער סאָלדאַט אַליין?

עפּעס האָט אים אַלץ אויסגעזען ווי אַ שפּיל פון דעם אַלאַ־לאַ, ביז דער אַמעריקאַנער האָט אָנגעגאָסן קאָניאַק אין גלעזלעך און אַ זאָג געטאָן:

— טרינק, שעם זיך נישט!

— שעמט זיך נישט, ר׳ יואל! — האָט אַלאַ־לאַ אונטערגעכאַפּט — מיסטער גאָלדס טאַטע, שטאַמט פון מיין שטעטל!

— יעס — האָט דער אַמעריקאַנער געזאָגט — אויך מיינע טאַנטעס שטאַמען פון פּוילן.

— כמעט אַ לאַנדסמאַן, — האָט אַלאַ־לאַ דערקלערט — די טאַנטעס, דער פּאָטער. האַלב אַמעריקע איז מיט אונדזערע פּוילישע.

— מיין זיידע איז ביי אייך געווען אַ באַוווסטער חסיד, — האָט דער סאָלדאַט צוגעגעבן — פון באַוואוסטע חסידים.

— דאָס מיינט, איר זענט דורך און דורך אַ פּוילישער?

— ניין! ניין! — האָט דער אַמעריקאַנער דערווידערט — נישט איך.

אַמסטערדאַם האָט זיך איינגעקוקט אינעם געזיכט פון דעם זעלנערס דאַמע, נאָכדעם ביים זעלנער געפרעגט וויפל צייט איז ער פון אַמעריקע און ווי לאַנג וועט ער נאָך פאַרבלייבן אין מינכען? וועגן דעם האָט דער זעלנער נישט געענטפערט. די דאַמע האָט געוואָלט וויסן אויב אַמסטערדאַם האָט ערגעץ משפחה. אַלאַ־לאַ האָט אָנגעוויזן אויפן קאָניאַק אין די גלעזלעך:

— דער קאָניאַק, ר׳ יואל! מיין לאַנדסמאַן האָט דאָס ספּעציעל געשטעלט פאַר אייך, טרינקט! — האָט דער יונג אויסגערופן — מ׳וועט אייך היינט אַהיימפירן אין אַ טאַקסי איבער די גאַסן! אין אַ אמתער טאַקסי!

די דאַמע מיטן זעלנער האָבן געלאַכט. אַלאַ־לאַ מיט אַ גלעזל אין האַנט האָט שוין אויסגעזען שיכור.

## ביי פאַרשידענע טישן

— לחיים ר׳ יואל, מירן נאָך צוזאַמען אויפטאָן גרויסע זאַכן! לחיים פאַר די גרויסע זאַכן!

ביידע האָבן געהויבן כוסות צום אַמעריקאַנער און צו דער דאַמע. דאָס הויבן די כוסות האָט זיך איבערגעחזרט מיט טומלדיקע אויס־געשרייען. אַ קעלנערין האָט צודערלאַנגט מאַרינירטן הערינג, דאָס פּובליקום פון אַרומיקע טישלעך האָט אויסגעשטעלט דערשטוינטע אויגן, גלייך ביים סאָלדאַט וואָלט עפּעס געשען אויסטערלישעס.

— לחיים, ר׳ יואל! — האָט אַלאַ־לאַ כסדר געראָפן.

און אַמסטערדאַם? נאָך דריי גלעזלעך, איז ער געבליבן זיצן ווי ער וואָלט אַראָפּ פון אַ לויפנדיקער קאַרוסעל. די דאַמע האָט ווידער געפרעגט אויב ער האָט משפחה אין אַמעריקע און אַמסטערדאַם האָט אָנגעהויבן אַרויסרעדן וואָס אים טרייבט אין שטאָט יעדן טאָג.

— ר׳ יואל, מירן אייך היינט אַהיימפירן אין אַ טאַקסי איבער די גאַסן. אין אַן אמתער טאַקסי, ר׳ יואל! — האָט אַלאַ־לאַ גע־ליאַרעמט — טרינקט, טרינקט נאָך!

און אַמסטערדאַם האָט נאָך געטרונקען. ער האָט געוואָלט פאַר־געסן דאָס אַלץ וואָס טרייבט אים יעדן טאָג, איבער מינכענער גאַסן, אַרום מינכענער געשעפטן. אויך סאַקסנס קראַם האָט ער געוואָלט פאַר־געסן. אָבער נאָך דעמזעלבן אָוונט האָט מען אים מיט אַלאַ־לאַ אָפּ־געפירט אין אַרעסט, פאַר ברעכן די באַלויכטענע שויבן פון סאַקסנס פוטער געשעפט און פון אַנדערע געשעפטן.

# שילער פון איין קלאַס

לענג אויס אויפן וואַסער און אויף דער ברייט פון וואַסער זעגען אַרומגעשווימען באַזעצטע שיפלעך. אין אַ שיפל איז איינגעזעסן די לערערין שיעלע גלאַזנער. געוודערט האָט איינער פון אירע אונטער־תלמידים, וועלכער האָט זיך שטענדיק געלאָזט קאָסטן פאַר דער לע־רערין. דאָס מאָל האָט ער געהאַט באַצאָלט פאַר איר מיטאָג אין אַ רעס־טאָראַן, אַ מילכיקן מיטאָג, ווייל פליישן האָט שיעלע גלאַזנער נאָר ליב געהאַט פון איר אייגענער קיך. און זי איז שוין געזעסן מיט באַרויסע פיס אינעם שיפל איידער דער תלמיד האָט דאָס שיפל אויף ברייטע וואַסערן אַרויסגעפירט.

— יאַקאָב האָט אַוודאי פאַרבלאָנדזשעט, — האָט דער תלמיד אַ זאָג געטאָן.

— איז נישט יאַקאָב מיט עוואַ אין יענעם שיפל? — האָט די לערערין אָנגעוויזן — אין יענעם שיפל!

דער תלמיד האָט אָנגעשטרענגט די אויגן נישט בלויז צו יענעם איינעם שיפל, נאָר צו נאָך עטלעכע ווייטע שיפלעך. פלוצים האָט די לערערין דערזען אַ ווייס פרויען־העמד אויפן וואַסער. זי איז דערפון אַזוי צעטומלט געוואָרן, גלייך עס וואָלט אַרומגעשוואומען אַ טויטער פרויען־קערפּער. — אַ העמד! — האָט זי דערשראָקן גערופן. מלך לאַבאַן האָט גלייכגילטיק געקוקט אויף דעם העמד. צוויי מיידלעך האָבן היסטעריש געשריגן פון אַ שיפל אַרויס. מלך לאַבאַן האָט פאַר־שנעלערט דאָס רודערן. ביי אַ פלאַטשיקן שטיין, אויף וועלכן עס האָט געקענט אַרויף אַ גאַנצע משפחה, האָט ער אָפּגעלאָזט די וויאָסלעס. ער האָט פאַררויכערט, אונטערזידלענדיק דעם פאַרשוואונדענעם קאַ־לעגע יאַקאָב.

— מוזט אים אויפזוכן, פאַר וויטער, — האָט שיעלע גלאַזנער פאַרלאַנגט.

אויפזוכן יאַקאָבן? אַ קינד איז ער? ער נויטיגט זיך אין אַ שמש אויפן וואַסער?

— זאָל ער זיין ווו ער איז! — האָט מלך לאַבאַן אָפּגעמאַכט אָפּ־שטופּנדיק די לאַדקע פונעם שטיין — כ׳האָב אים געבעטן מ׳זאָל צוזאַמען אַרויספאָרן.

— דאָך, דאָך, מוזט אים אויפזוכן. ער איז צום ערשטן מאָל אויף די וואַסערן.

— ער איז נישט אַליין. ער איז מיט עוואַ פּינעס, דיין סטודענטקע.

— די עוואַ פּינעס איז אַ פרום מיידל, — האָט די לערערין דערקלערט — ווייסט ווי פרום זי איז?

אַז עוואַ פּינעס האַלט אָן פרומקייט, דאָס האָט מלך לאַבאַן זיך דערוואוסט נאָך פאָלגענדער באַגעגעניש:

אין דער אָונט־שול, ווו שיעלע גלאַזנער האָט געגעבן לעקציעס, איז די מערהייט קלאַסן געווען באַזעצט מיט שילער און שילע־רינס פון פאַרשידענעם עלטער, פון פּופּצן ביז פּופּציק. נאָך על־טערע, האָבן אויף די שול־בענק מער געזוכט אַ סאָרט רעטונג פון איינ־זאַמקייט, איידער פאַר לערנען. „מ׳עט זיך שוין אויסלערנען אויף יענער וועלט״ — פלעגן זיך אויסטענהן די עלטסטע שילערינס. צווישן די ווייבער האָבן זיך געפונען אַ פּאָר אלמנות מיט ווועמען עוואַ פּינעס האָט געוואוינט אונטער איין דאַך.

טיילמאָל פלעגן די פרויען זיך איינלאַדן צום „גרינעם״ מיידל אויף פיש, אָדער צו אַ טעפּעלע קאַווע. גאַנץ אָפט פלעגן זיי אָנקלאַפּן אין עוואַס טיר.

— עוואַ, זי גייען? קומען זי! — פלעגן די שכנות רופן. — מ׳עט נאָך פאַרשפּעטיקן אַ לעסן!

מיט די ווייבער האָט עוואַ פּינעס אָפט געאײלט צו די לעקציעס אין שול און נאָך די לעקציעס צוזאַמען מיט זיי אַהיימגעגאַנגען. צו־ריקוועגס פלעגן זיי אָנדערציילן וועגן זייערע יונגע יאָרן און וועגן

אַמאָליקער שאַפּ־קנעכטשאַפט. אַמאָליקע שאַפּ־מענטשן האָבן זיך נישט געקענט פאַרגינען קיין אָוונט־סקולס, — פלעגן די ווייבער באַדויערן — היינטיקע „גרינע" האָבן אויף אַלעם צייט און באַלד ווילן זיי אַלע פּריווילעגיעס.

— די היינטיקע גרינע, — האָט איינע זיך געזשאַלעוועט, — באַלד גיב זיי קאַרס מיט הייזער, מיט די בעסטע דזשאַבס. מיט מיר אַרבעט אַ גריניטשקע, האָט זי שוין פּלענטי דאָלאַרן אין די בענק. זיי ווייסן דען ווי מיר האָבן זיך אַמאָל געמיטשעט? — און פאַרלאַנגענדיק, אַז עוואַ פּינעס זאָל זיך נישט באַליידיקן, האָט זי געפרעגט: זי זענען באַליידיקט, עוואַ?

— חלילה, זי קענען נאָך רעדן, — האָט עוואַ פּינעס געענט־פערט — אַז אונדזערע גרינע ווילן קאַרס מיט גוטע דזשאַבס, זאָל איך מיך באַליידיקן? איך אַליין וויל אויך...

— קודם, דאַרף מען זיך אַביסל אונטערמוטשען, — האָט די צווייטע זיך אָנגערופן — ווען איך בין אַהערגעקומען בין איך דען געשלאָפן איינע אַליין? יאָרן האָט געדויערט ביז כ'האָב געהאַט אַ סעפּרעט רום...

— אַ באַזונדער בעט איז אויך געווען אַ פּראָבלעם. מיר האָבן אַמאָל געהאַט פּלענטי פּראָבלעמס...

— אייערע פּראָבלעמס! — האָט עוואַ פּינעס אָוועקגעמאַכט. — מיט אייערע פּראָבלעמען האָט מען געקענט גיין טאַנצן...

איינמאָל, צוריקוועגס פון דער שול, האָבן די צוויי פרויען זיך פּלוצים דערזען איבערגעלאָזטע אינמיטן וועג. „די 'גרינע' איז פאַר־שווונדן אָן אַ גוטע נאַכט" — האָט איינע אַרויסגערעדט. — אַזוי זענען זיי. עוואַ פּינעס איז שוין געווען אין אַ באַלויכטענער קראָם מיט געבעקס. צווישן געבעקס איינקויפער איז געשטאַנען מלך לאַ־באַן. „פאַרוואָס קומט איר נישט צו די לעקציעס?" — האָט עוואַ גע־פרעגט. — „די צווייטע וואָך. כ'האָב היינט אַ סך אַרבעט!" — האָט ער געענטפערט. נאָכדעם האָט ער זי צובאַגלייט צו אַ הויז מיט באַ־לויכטענע שויבן. די איינציקע שויבן אָן ליכט זענען געווען פון עוואַ

פינעסעס שטיבל און ס׳זענען אַוועק פיל אָונטן ביז מלך לאַבאַן איז צום ערשטן מאָל געווען צוגאַסט אין דעם שטיבל. ס׳פענסטער איז פונקט געווען אָן פאָרהאַנגען. אויסגעוואַשענע און אויסגעפּרעסטע זענען די פאָרהאַנגען געלעגן אויפן בעט, וועלכעס האָט געקענט אַריינגעמען אויף נאַכטלעגער נאָך צוויי מיידלעך, ווי עווא פינעס.

— אַ גאַנצער שלאָף וואַגאָן, — האָט ער געזאָגט וועגן דעם בעט — און וואָס איז מיט די פאָרהאַנגען? די פאָרהאַנגען מוזן ליגן אויפן בעט?

— מאָרגן וועלן זיי הענגען.

— מאָרגן? פאַרוואָס נישט היינט?

ער האָט איר אָנגעהויבן איינרעדן, אַז דער „היינט" איז מיט גאָרנישט זינדיקער פון „מאָרגן". פאַרוואָס אַלץ אָפּלייגן פאַרן מאָרגן?

— נישט אַזוי? — האָט ער פּרובירט זי אַרומנעמען.

— האַלט זיך אָנשטענדיק, — האָט זי פאַרלאַנגט — האַלט זיך נאָר אָנשטענדיק.

מלך לאַבאַן האָט פּלוצים דערזען אַ שטרענג ניכטער מיידל. פריער האָט ער זי בלויז געקענט פון צוזאַמענזיצן אין איין קלאַס; פון טרעפן זי אין די באַלויכטענע קעלער־זאַלן פון דער שול־געביידע בעת די מאַנטיק טענץ; ער האָט געקענט איר אַרומטומלען מיט יונגע איטאַ־ליענערינס איידער די לעקציעס פלעגן אָנפאַנגען.ביים פּרובירן זי אַרומנעמען האָט ער דערזען אַן אַנדערע עווא פינעס.

— מיר לערנען אין איין קלאַס, עווא, — האָט ער זי נישט אָפּגעלאָזט, — ביי איין לערערין.

— צוויי וואָכן, ווי די לערערין זעט אייך נישט, אַ וואַזשנער סטודענט, — האָט זי געענטפערט — איר אַרבעט ערגעץ?

— אומעטום, איך אַרבעט אומעטום. כ׳האָב אייך שוין געזאָגט.

איר געדענקט, מיר האָבן זיך געטראָפן אין דער בעקעריי?

זי האָט געפרעגט:

— אין וועלכער בעקעריי האָט איר מיך געטראָפן? ווען האָט

איר געזאָגט? און וואָס מיינט, איר אַרבעט אומעטום? אומעטום קענט איר אַרבעטן?

— איבעראַל, כ׳קען איבעראַל אַרבעטן. אַפילו אין ווייסן הויז, אין וואַשינגטאָן.

— איר לאַכט דאָס? אין וואַשינגטאָן קענט איר אַרבעטן? אין ווייסן הויז?

— מיין פאַך איז איבעראַל גילטיק, — און ער האָט אָנגעהויבן באַטראַכטן יעדעס שטוב חפץ. אויף אַ טישל איז געשטאַנען אַ פאַר־דעקטע שרייב־מאַשין. האָט ער זי אויפגעדעקט און אויספּרובירט. — כ׳בין ספּעציאַליזירט אין יעדער מלאכה, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — דער עיקר אין וואַשן שויבן.

— שויבן? — האָט זי נישט פאַרשטאַנען — איר לאַכט דאָס?

— וואָס הייסט איך לאַך?

— ווי וואַשט איר שויבן? אויף וואָלקנקראַצערס?

— ווי מ׳שיקט מיך. כ׳זאָג, גלייבט איר נישט? הע, כ׳מוז אייך ווייזן דאָקומענטן: אני שלמה! האָט איר אַמאָל געהערט די לעגענדע וועגן פאַרבלאָנדזשעטן שלמה המלך?

— וועגן שלמה המלך זענען פאַראַן אַ סך לעגענדעס. אַמאָל האָב איך זיי געלערנט. פאַרוואָס זיצט איר נישט?

ער האָט נישט געוואָלט זיצן ביי אומפאַרהאַנגענע שויבן. ער האָט צוגעטראָגן אַ שטול צום פענסטער. אין צוואַנציק מינוטן אַרום האָט דאָס מיידל געשטוינט און געפרעגט מיט וואָס זי זאָל אים מכבד זיין פאַר אויפהענגען די פאַרהאַנגען.

ער האָט אָוועקגעמאַכט דאָס מכבד זיין. ער האָט געזאָגט:

— כ׳קלער צו קויפן אַן אויטאָמאָביל׳ כ׳מוז האָבן אַן אייגענעם אויטאָמאָביל.

— מיסטער לאַבאַן, זיצט, — האָט זי אָנגעוויזן.

מלך לאַבאַן האָט זיך ברייט אוועקגעזעצט און עוואַ פּינעס האָט נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט מיט וואָס זי מעג אים מכבד זיין פאַר אויפהענגען די פאַרהאַנגען. וויל ער טיי מיט שאָקאָלאַד, אָדער טיי

מיט קעיק? פאַר אויפהעננגען פאַרהאַנגען פלעגט ער ערגעץ אַנדערש איינקאַסירן אין קעשענע אַריין, נישט אינזינען האָבנדיק קיין ווייסע הייזער אין וואַשינגטאָן, נישט קיין פאַרבלאָנדזשעטן קעניג שלמה און נישט פּרובירט אַרומנעמען מיידלשע טאַליעס. ערגעץ אַנדערש איז ער אויסגעשטאַנען קאַפּריזן פון דאַמישע אלמנות. עוואַ פּינעס איז נישט געווען קיין אלמנה. זי איז נאָר געווען אַ שילערין פון זעלבן קלאַס וואָס ער. זי האָט אים צוגעשטעלט פאַרשידענע פּרוכטן מיט שאָקאָלאַד און ער האָט איר דזשענטלמעניש געדאַנקט. ער איז אויך געווען דאַנקבאַר פאַר איר וויסן, אַז וועגן שלמה המלך זענען פאַראַן אַ סך לעגענדעס. ביים טאַטן אינדערהיים האָט זי אַמאָל געלערנט גאַנץ תנ״ך — האָט זי נאָך דערציילט.

אין תנ״ך קענטעניש איז ער אויך נישט געווען הינטערשטעליק. זיינע געדאַנקען זענען אָבער מייסטנס געווען וועגן דער וויכטיקייט פון אַן „אייגענעם אויטאָמאָביל". מיט אַזאַ אייגנטום וואָלט ער אויך געפּאַקט אַ בעסערן דזשאָב.

— די קאַר מוז איך האָבן אין פרילינג. דאַמאָלט וועלן מיר מאַכן אַ רייזע. איר ווילט פאָרן צום ניאַיאַגראַ?

זי האָט חושד געווען ער איז אַביסל שיכור, וואָרים ער האָט פון ס׳ניי געוואָלט זי אַרומנעמען. נאָכאַנאַנד האָט זי זיך געמוזט אָפּיאָגן פון זיינע הענט, ביז ער האָט אַראָפּגענומען ס׳מאַנטל פון דער טיר.

— איר גייט שוין? — האָט זי אַרויסגערעדט — פאַרגעסט נישט אייער קאַפּעלוש.

— מיין קאַפּעלוש? איך בין דען געקומען מיט אַ קאַפּעלוש?

— איך האָב געמיינט. פאַרוואָס גייט איר אָן הוט? איר האָט מורא ס׳וועט אייך נישט קליידן?

— אַזוי פרום זענט איר? דאָס אויך?

— דאָס אויך.

— פונדעסטוועגן ווייסט איר נישט, אַז נעכטן איז געווען שבת.

זי האָט געשמייכלט:

— פאַרוואָס ווייס איך נישט? פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— כ׳האָב סימנים, — האָט ער געענטפערט. — אַ פרומע יידישע טאָכטער פאַרהענגט נישט ס׳פענסטער אויף שבת?

עווא פינעס האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז פּרייטיק איז זי שפּעט אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט. דעריבער זענען די פאַרהאַנגען געבליבן נישט אויפגעהאָנגען.

— דאָס אַלץ איז נישט קיין נייעס עווא. דערציילט עפּעס נייעס, איידער כ׳גיי. אין וועלכע לאַגערן זענט איר געווען?

— כ׳בין נישט געווען אין קיין לאַגערן. איך האָב געהאַט אַ צימער אין מינכען.

— ווו זענט איר געווען אין די מלחמה־יאָרן?

— אין טאַשקענט.

— אין טאַשקענט? ביי דער וואָלגע?

— אַ נייע מאַפּע ביי אייך. טאַשקענט ביי דער וואָלגע? געאָגראַפיע האָט איר געלערנט?

— מיינט איר, מ׳געדענקט אַלץ? איר געדענקט גאַנץ תנ״ך? — האָט ער געפרעגט — כ׳האָב אַ סך געהערט וועגן טאַשקענט. מ׳זאָגט ס׳אַ זאַמדיקע שטאָט מיט ווילדע מענטשן.

— די שטאָט געפינט זיך ביי זעקס, אָדער ביי אַכט הונדערט קילאָמעטער פון פּערסיע. יעצט וועט איר שוין געדענקען?

— זענט איר קינדיש, עווא!

— קינדיש?

— וואָס דען? וואָס פרעגט איר צי איך האָב געלערנט געאָגראַפיע? אפשר זאָל איך געבוי וויסן ביי וועלכן טייך שלמה המלך האָט אַמאָל געבלאָנדזשעט? מיינעטוועגן מעג שלמה המלך האָבן פאַרבלאָנדזשעט צו דער וואָלגע. נאָכוואָס, זאָגט מיר, דאַרף איך געדענקען ווי ווייט טאַשקענט געפינט זיך פון פּערסיע? וואָס איז מיר היינט די נפקא מינה ווו טאַשקענט געפינט זיך? כ׳בין היינט גלייכגילטיק צו אַלע וועלטמאַפּעס. זינט כ׳בין אַראָפּ פון דער שיף, איז מיין מאַפּע אויפן דאָלאַר...

זי האָט אים דאַמאָלט באַטראַכט מיט פאַרשנדיקע בליקן. נאָך אַ

פויזע האָט ער געוואָלט וויסן אויב זי האָט עפּעס מיטגעברענגט פון די מקומות ביי פּערסיע?

— האָט איר גאָרנישט אַרויסגעשמוגלט אַ זעקעלע מיט חזירים־לעך? פון יענע מקומות האָבן דאָך מענטשן געברענגט גאָלדענע חזירימלעך.

— גאָלדענע חזירימלעך? וואָס דעם מענטש קען אַלץ איינפאַלן! אַ זעקל גאָלדענע חזירימלעך פון טאַשקענט?

* * *

סיי מלך לאַבאַן, סיי יאַקאָב זענען פיל חדשים געווען שיעלע גלאָזנערס אוונט־תלמידים. זינט אַ צייט האָט זי מיטביידע גערעדט טעלעפאָניש פון איר היים, און טעלעפאָניש זיי טיילמאָל איינגעלאַדן צו זיך אין דער וווינונג. איר היים באַלעבאַטישקייט, ווי ס׳טרעפט ביי לערערינס, איז אָפט געווען אומבאַלעבאַטיש. ביים ערשטן וויזיט האָבן די שילער געדאַרפט אַרויסטראָגן שטויסן „ניו־יאָרק טאַימז" מיט זשורנאַלן, וועלכע האָבן ענג געמאַכט די סאָפע אין אויפנאַם־צימער. יעדעס מאָל ווען די קאָלעגן זענען אויף דער סאָפע געזעסן האָט זיך כסדר געהערט דאָס קלאַפּן פון פאַרבייפאָרנדיקע סאָבוועיס. דער תלמיד מלך לאַבאַן איז כמעט געווען אינעם זעלבן עלטער וואָס די לערערין, און איינמאָל, בעת יאַקאָב איז נישט מיטגעקומען, איז ער געוואָרן אינטימער און געוואָלט וויסן פון איר ערשטער יוגנט אין דער שטאָט ניו־יאָרק.

— וואָס ווילסטו וויסן? צי כ׳בין געווען פאַרהייראַט? כ׳בין געווען. כ׳בין אבער געווען נאָך צו יונג, — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך דאַ־מאָלט פאַרשטאַנען וואָס איך פאַרשטיי היינט, געקענט מענער, ווי כ׳קען זיי היינט.·. האַ־האַ!

— האָסטו דאַמאָלסט גאָרנישט פאַרשטאַנען?

— כ׳בין געווען צו יונג. מיינע עלטערן האָבן מיך נישט צוגע־גרייט צו פאַרשטיין מענער.. מיינע עלטערן זענען געווען פאַנאַטישע מענטשן. דו ווייסט וואָס מיינט פאַנאַטיש?

— פאַרוואָס האָסטו זיך געגט? וואָס האָט פּאַסירט?

— כ׳וויל נישט רעדן דערוועגן און פרעג נישט. צו וואָס ווילסטו אַלץ וויסן? איך פרעג עפּעס וועגן דיין פאַרגאַנגענהייט?

— וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט זאָלסטו בעסער גאָרנישט פרעגן. אַנדערש וועט מען דיך מוזן אוועקפירן אין האָספּיטאַל, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — וועגן דיר מעגסטו דערציילן. דאַרפסט גאָרנישט אויסבאַהאַלטן פון מיר, — האָט ער נישט אָפּגעלאָזט — כ׳בין דיין סטודענט.

— נאָר אין קלאַס, — האָט זיווידערשפּעניקט — נאָר אין קלאַס ביסטו מיין סטודענט.

דאַמאָלט איז זי געווען ווידערשפּעניק צו דערציילן וועגן איר נישט איינגעגעבענער פאַרגאַנגענהייט. מוז ער אַלץ וויסן? אבער נישט דאָס אַליין האָט דאָן געשטערט.. דאַמאָלט איז זי געווען אויסגעמאַטערט פון פּאַרקילונגען, אַנגעשטרענגט פון לערנען און ביז וואַקאַציע איז נאָך פאַרגעשטאַנען אַזויפיל צו לערנען. איצט האָבן זיך דערנענטערט די זומער חדשים. די ערד איז געווען אויסגעבעט מיט ניי גראָז, די לופט האָט מאַיאָווע געוואַרעמט, און מאַיאָווע געקילט. אינעם שווימענדיקן שיפל וואָלט זי אפשר נישט געווען ווידערשפּעניק צו דערציילן פון איר יוגנט. איז זי אָבער געזעסן מיט געדאַנקען וועגן דער פרומער עוואַ פּינעס און זיך באַשעפטיקט מיט אירע באָרוויסע פיס. פלוצים האָט זי זיך אַ שפּיל געטאָן מיט אַראָפּלאָזן אַ פוס אין וואַסער.

— שיעלע, לערערין שיעלע! — האָט דער תלמיד גערופן — נעמט אַריין דעם פוס, לערערין!

— האָסט אַמאָל געליטן פון הינער־אויגן? — האָט זי געפרעגט

— דאָס איז טיילמאָל שרעקליך.

— די לאָדקע קען זיך איבערדרייען, — האָט ער געוואָרנט — קיינער וועט דיך נישט אַרויסראַטעווען.

— וואָס זאָגסטו? — אומגעריכט האָט זי אַנגעשעפּט אַ האַנט וואַסער. דער תלמיד האָט נישט באַוויזן אַוועקצודרייען ס׳פּנים, און נאָכאַמאָל שפּריצנדיק אין זיין פּנים האָט זי געפרעגט:

— אַ לאָדקע האָסטו געזאָגט? וואָס מיינט אַ לאָדקע?

— דאָס מיינט אַ לאָדקע. מיר זיצן אין אַ לאָדקע. ווילסט זי איבערדרייען?

— זאָג נאָכאַמאָל, אַ לאָדקע.

און זי האָט זיך ווידעראַמאָל געשפּילט מיט אָנשעפּן אַ האַנט וואַסער, נאָר אינדעם איז עפּעס געשען און זי האָט פאַרגעסן איר שפּילעריי. דריי מענער זענען נאָענט אָנגעפאָרן. איינער פון די מענער אין אַ שטרויענעם קאַפּעלוש האָט געוודערט מיט די וויאָסלעס. די אַנדערע צוויי האָבן די לערערין באַגריסט מיט אויפגעהויבענע הענט פון זייער שיפל אַרויס. שיִעלע גלאַזנער האָט צוריקגעגריסט. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן פאַרקעמען אירע צעבלאָזענע האָר.

— ווער זענען זיי? — האָט מלך לאַבאַן געפרעגט.

— ווער זיי זענען? האָסט ליב דעמאָקראַטן? זיי זענען פּעדאַגאָגן און דעמאָקראַטן. וואָס איז דיין מיינונג וועגן דעמאָקראַטן?

— נעם אַריין דעם פּוס, — האָט ער קודם פאַרלאַנגט — נעם אַריין דעם פּוס, וועל איך דיר זאָגן מיין מיינונג...

זי האָט דעם פּוס נישט אַריינגענומען.

— לערערין נעמט אריין דעם פּוס.

מיט דעם פּוס האָט זי שפּילעוודיק אין וואַסער ארומגעפּאַטשט, ביז ער האָט צוגערודערט צו אַ ברעג מיט בוימער. די בוימער האָבן פאַרשטעלט ווייטערע בוימער און שטרעקעס יבשה מיט גראָז. ביי דעם גראָזיקן ברעג איז אַ שטיק ערד געווען זאַמדיק. נעגערישע יינגלעך זענען געזעסן אויף אַ פעלז, ווי די מאַמעס האָבן זיי געבוירן. זייערע מלבושים זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אין אַ לאָדקע. אין שכנות, אַ שטיק אויפן זאַמד ארויפגעשלעפּט, איז געשטאַנען נאָך אַ לאָדקע, וואָס האָט באַלאַנגט צו די מענער, וועלכע האָבן זיך געהאַט געגריסט צו דער לערערין. די מענער זענען געווען אויסגעזעצט ביי אַ בוים. זיי האָבן געהויכערט, פאַרשענדיק געקוקט צו די נאַקעטע יינגלעך אויפן פעלז און ווידער האָבן די מענער געגריסט די לערערין. שיִעלע גלאַזנער האָט צוריק געענטפערט. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן באַוואונדערן די

נייע צעבליטקייט אויף די בוימער. ווען זי איז נאָך געווען אַ שול־מיידל, נאָכנישט געלערנט מיט קלאַסן תלמידים און „נישט געקענט קיין מענער, ווי היינט", פלעגט זי אויך אַהערקומען צווישן די בוימער. היינט איז זי מער נישט געווען די אַמאָליקע שיעלע גלאַזנער. נאָכן ענדיקן קאָלעדזש איז זי שוין געווען געגט, שוין דאַמאָלט פיינט געהאַט דעמאָקראַטן, ווייל איר געגטער מאַן האָט באַלאַנגט צו זיי. און ביזן אַרויסשטייגן אויפן ברעג האָט זי דעם תלמיד אַגיטירט ער זאָל קיינמאָל נישט שטימען פאַר אַ דעמאָקראַט, נאָכן ארויסנעמען בירגער־פּאַפּירן.

— ביז מ'עט מיר אַרויסגעבן בירגער־פּאַפּירן, — האָט ער געזאגט — אויב כ'וועל שטימען קעגן דעמאָקראַטן, וועלן זיי אונטערגיין? זיי דאַרפן מיין שטימע? זאָג מיר בעסער, וואָס מאַכט די מיס קאַמין?

— מיין פריינדינע? זי האָט וועגן דיר אַ גוטע מיינונג, ווערסט זיך אויסלערנען גוט ענגליש, וועט זי וועגן דיר האָבן אַ בעסערע מיינונג. אזוי האָט זי מיר געזאָגט פאַרן אוועקפאָרן אין באָסטאָן.

— זי איז געפאָרן קיין באָסטאָן? זי האָט גערעדט וועגן פאָרן אין אַ צווייטער שטאָט. באָסטאָן, האָב איך געהערט, איז אָנגעפּאַקט מיט אַלטע רייכע מענער. איז דאָס אמת?

— מיט אַלע רייכע מענער? נעווער געהערט, — האָט שיעלע גלאַזנער געלאַכט — מיינסט אפשר מיט אַלטע, רייכע פרויען?

— מיט זיי אפשר אויך, — האָט מלך לאַבאַן מיטגעלאַכט — מיס קאַמין מוז וויסן מיט וועמען באָסטאָן איז אָנגעפּאַקט.

— מיר איז קיין דיפערענס, מלך. באָסטאָן האָב איך איינמאָל געזען פאַרבייפאָרנדיק. נעווער געווען דאָרט.

אויפן ברעג צווישן די בוימער האָט זי פאַרגעסן סיי באָסטאָן, סיי איר פריינדינע, מיס קאַמין. זי וואָלט אפשר אויך פאַרגעסן די באַגעגנטע פּעדאַגאָגן, זענען זיי אָבער געזעסן ביי א בוים און גערויכערט, און ווידער האָט זי עפּעס געמוזט זאָגן וועגן זיי. דער תלמיד האָט איר אָנגעוויזן אַן אָרט, אין שאָטן, נאָר די לערערין האָט ליבער געהאַט די זון. און די זון איז נישט ווייט געווען פונעם שאָטן.

דער ברעג איז געווען סערווירט מיט אלעם גוטן פון חודש מאַי

און נאָך א צייט באַטראַכטן סיי די ווייטקייטן אויפן וואַסער, סיי פאַר־בייפאָרנדיקע שיפלעך, האָבן זיי אויפסניי דערמאָנט דעם פאַרשוווּנדע־נעם יאַקאָב. וווהין האָט עס פאַרטראָגן דעם יונג מיט דעם פרומען מיידל? נישט באַדאַרפט זיי לאָזן אַליין, — האָט די לערערין געזאָגט. מלך לאַבאַן האָט שוין אויך חרטה געקריגן. פאַרוואָס האָט ער דעם קאָלעגע מיט דער עווא אַוועקגעלאָזט אליין צו די שיפלעך?

פון דער נאָענט האָבן פּלוצים אָפּגעהילכט קולות. דאָס האָבן גע־שריגן די נאַקעטע, נעגערישע ייִנגלעך אויפן פּעלז. איינער נאָכן אַנדערן, זענען זיי פאַרשוווּנדן פונעם שטיין אין וואַסער. דערנאָך זענען אַלע אַרויסגעשווומען און אַוועקגערודערט. אויך די פּעדאַגאָגן זענען אַוועק אין זייער שיפל.

— יאַקאָב איז אויך שלעכט דיסציפּלינירט אַלס סטודענט, — האָט שיעלע גלאַזנער אַ זאָג געטאָן — יאַקאָב האָט דורכגעלאָזט אַ מאַסע לעקציעס. שטענדיק האָב איך געמוזט ארויסשיקן פּאָסט־קאַרטלעך ער זאָל קומען.

— אבער איך? איך בין געווען א גוטער סטודענט? איך בין געקומען צו אַלע לעקציעס?

— דו?

— איך בין דער געטרייסטער סטודענט אין לאַנד.

די לערערין האָט אויסגעריסן גראָז און אים אַ שמיץ געטאָן אין די אויגן. דו דער געטרייסטער סטודענט אין לאַנד? — האָט זי געפרעגט — ניין. אין דער אוונט־סקול זענען נישט פאַראַן קיין גע־טרייע סטודענטן, אַזעלכע זענען אויך זעלטן בנמצא אין האַי־סקולס. דאָרט איז „ביג צרות”. נאָך וועלכע צרות! פאַר אונדזער יוגנט, — האָט זי צוגעגעבן — איז נויטיג אַ ניי דערציאונגס סיסטעם, בעסערע פּעדאַגאָגן. די דעמאָקראַטן האָבן אַלץ איבערגעפּירט. זי האָט אבער נישט געוואָלט צופיל קריטיקירן. זי האָט געוואָלט וויסן וועגן שולן מיט אוניווערסיטעטן אין אייראָפּע, וועגן פּראָפעסאָרן אין וואַרשע, אַפילו וועגן וואַרשעווער סטודענטן מיט וועמען לאַבאַן האָט אַמאָל צוזאַמען געהערט לעקציעס. „ס׳זענען געווען סטודענטן” — האָט מלך לאַבאַן

אומצופרידן געענטפערט — פרעג נישט. א סך האָט מען געדאַרפט ארעסטירן און פאַרשיקן. „וואָס מיינט פאַרשיקן?" — איז זי פאַראינ־טערעסירט געוואָרן — לויט מיין מיינונג, — האָט דער תלמיד גע־ענטפערט — דאַרף מען נאָך היינט פאַרשיקן אַ סך מענטשן פון אַ האַלבער וועלט. אזוי פאַרשיקן, אז זיי זאָלן נישט זען קיין שטעט מיט קיין גאַסן. צען יאָר נאָכאַנאַנד זאָלן זייערע היימען זיין אין בונקערס. יעדן פאַר־טאָג זאָל מען זיי ארויסטרייבן אין ענגע שיך צו אומנויטיקער ארבעט. צען יאָר נאָכאַנאַנד!

— אַזאַ ווילדע אידעע? — האָט זי זיך א רוק געטאָן פונעם תלמיד — אַלעמען אַרעסטירן? מענטשן פון אַ האַלבער וועלט?

— אזוי מוז געשען, — האָט ער אָפּגעענטפערט — ס'זאָל אלץ דורכגיין אַן שטראָף? ס'מוז געשען אַ וועלט שטראָף!

— אונדזער לאַנד האָט אַנדערע אידעען. דאַרפסט קענען אונדזער לאַנד. ביי אונדז טראַכט מען נישט וועגן פאַרשיקן מענטשן. וואָס עפּעס פאַרשיקן?

— אזוי איז מיין מיינונג. ס'מוז געשען אַ וועלט־שטראָף.

— קאָנטראָלירסט אמאָל דיין מיינונג?

ער האָט געשוויגן.

— געפערלעכע מיינונג, — האָט זי געזאָגט — אָט האָב איך פיינט דעמאָקראַטן. וועל איך דענקען וועגן באַשטראָפן, אז זיי זאָלן נישט זען קיין גאַס און קיין שטאָט צען יאָר נאָכאַנאַנד? וויפיל יאָר האָסטו גע־זאָגט? דאָס איז א געפערלעכע אידעע. דער רוימישער נעראָן וואָלט עס באַטראַכט פאַר געפערלעך.

צוריקוועגס אין שיפל האָט זי אויפסניי דערזען דאָס ווייסע פּרויען־העמד אויפן וואַסער. נאָר דאָס ארומשווימענדיקע העמד האָט זי מער־נישט איבערראַשט. זי איז נאָכנישט פריי געווען פונעם תלמידס געפער־לעכע רייד. ער האָט געשיפט מיט קאָנטראָל, נאָכקאָנטראָלירנדיק איינ־זאַמע פאַרלעך אין שיפלעך. יאַקאָב מיט עווא זענען נישט געווען בנמצא דעם פאַרשווונדענעם קאָלעגע האָט ער ערשט געטראָפן אויף דער יבשה. אין א זומערדיקער ווערענדע, ווו קעלנערינס האָבן צודער־

לאַנגט עסנס מיט געטראַנקען צו טישלעך, איז יאַקאַב געזעסן אַן אייב־געבויגענער. איין האַנט זיינע איז געווען באַשעפּטיקט מיט א סענד־וויטש — די אַנדערע האָט געצערטלט דעם שאַטינעם קושאַק לאָקן פון דער פרומער עוואַ פּינעס. די לערערין האָט ווידער באַגעגנט די פּע־דאַגאָגן. אין דער טומלדיקער ווערענדע האָבן זיי פאַרנומען א טיש אנגעשטעלט מיט פלעשער און פּאַפּירענע טעפּעלעך. איינער פון די פּעדאַגאָגן האָט אַפילו ריזיקירט איינצולאַדן די לערערין אין קאָמ־פּאַני. געשען איז עס דאַן ווען מלך לאַבאַן איז אַוועק אָפּגעבן זיין „שיפסקאַרטע" און אָפּנעמען איינגעצאַלט „משכונות" פאַרן שיפּל.

—ווידער אַ מיטינג, — האָט שיעלע גלאַזנער שפּעטער געזאָגט צו אירע שילער — דאַנערשטיק האָבן מיר אַ נייעם מיטינג. טויטע ביז־נעס, — האָט זי צוגעגעבן — כ'בין מיד פון אלע מיטינגען. .

— לערערין, — האָט יאַקאַב זיך אנגערופן — פאַרוואס איז א מי־טינג טויטע ביזנעס?

— דו, יאַקאַב, ביסט אַן דיסציפּלין, קאָמפּלעט אַן דיסציפּלין, — האָט זי אים פאַרגעוואָרפן — א שטונדע צייט האָבן מיר דיך ארומגע־זוכט אויפן וואַסער.

— עוואַ האָט פאַרלוירן ס'זייגערל.

— אַ זייגערל? ווי אַזוי?

— פון דער האַנט אין וואַסער אַריין.

— אַ שווייצאַריש זייגערל, — האָט עוואַ פּינעס טרויעריק באַ־שטעטיקט — יאַקאַבס זייגערל.

מלך לאַבאַן האָט שוין געהאַט אַריינגעביסן אַ פּאָר האַמבורגערס ביים בופעט. ס'איז אָבער בלויז געווען א פאַרשפּייז. ער האָט געהאַט אַפּעטיט אויף נאָך מיט נאָך.

—כ'בין געפּערלעך אויסגעהונגערט — האָט ער געטענהט. פאַר זיך האָט ער דערווייל באַשטעלט וווּרשטלעך מיט קרויט. ביי דער לערערין האָט ער דזשענטעלמעניש נאָכגעפרעגט וואס זי פאַרלאַנגט. וואס זי פאַרלאַנגט? שיעלע גלאַזנער האָט קאַפּריזנע אוועקגעמאַכט אַלע פליישיקע עסנס, פליישן עסט זי נאָר אינדערהיים פון איר אייגע־

נער קיך. זי האָט נאָר איינגעשטימט צו טרינקען. זי האָט אויסגעזען דערשלאָגן, ווייל די פעדאַגאָגן האָבן זי דערמאָנט וועגן פאַרשטייענדיקן מיטינג אום דאָנערשטיק.

זי האָט אויך געזיפצט וואס זי האָט נאָך וואָכן לערערייַ אין הײַ־סקול.

— מיט אונדז איז די לערערין כמעט פאַרטיק, וויפיל אונטן האָט די לערערין נאָך צו לערנען מיט אונדז? — האָט יאַקאָב זי געוואָלט טרייסטן — ס'איז מעגלעך, איך זאָל שוין איינגאַנצן נישט קומען צו אייערע לעקציעס.

— קענסט נאָך קומען, מיר האָבן נאָך איינגאַנצן עטלעכע לעסנס, —האָט זי געזאָגט —טראָבל איז נאָר אין האַי־סקול. די דעמאָקראַטן ווייסן נאָר צו רופן מיטינגען יעדן דאָנערשטיק.

אַ קעלנערין האָט צודערלאַנגט אויפגעשניטענע זעמל מיט וווּרשט־לעך, פלעשער קאָקאָ־קאָלאַ מיט פּאַפּירענע טעפּעלעך. לאַבאַן האָט אָנ־געהויבן אָנגיסן אין די טעפּעלעך. ער האָט געפרעגט:

— נאָר דעמאָקראַטן רופן מיטינגען? און די רעפּובליקאַנער?

— דו, מלך, פאַרשטייסט גאָרנישט, איין פּאַרטיי זאָל זיצן אויף אַלע דזשאבס? ווייסט וואָס דאָס באַדייט? ניין, דו ווייסט נאָר וועגן אַרעסטירן און פאַרשיקן! האָט זי אָפּגעענטפערט — פאַרוואָס זאָל מען נישט צולאָזן יונגע רעפּובליקאַנער? נאָר דעמאָקראַטן זענען קלוג? זיי קומט אַלע דזשאָבס?

— גלויבסט נישט? — האָט זי פאַרגעזעצט — איך זאָג דעם אמת. איך קום אין פיל אינסטיטושנס. איך זע וואָס געשעט.

נאָכאַנאַנד האָט זי קריטיקירט, „וואָס געשעט" זינט קאַרגע צוואַנ־ציק יאָר. שוין צייט ס'זאָלן קומען רעפּובליקאַנישע ענדערונגען. מלך לאַבאַן האָט געפרעגט:

— ענדערונגען? וואָס קענען מיר געבן דיינע רעפּובליקאַנישע ענדערונגען? דיינע רעפּובליקאַנער וועלן לעבעדיק מאַכן מיינע אויס־געהרגעטע ברידער?

— דיין אידעע איז יאָ גוט? — האָט זי ארומגענומען אַ טעפּעלע

גישט אויפהייבנדיק עס — מ׳זאָל אַ האַלבע וועלט מענטשן ארעסטירן? אלעמען אריינפּאַקן אין קעמפּס? מיך אפשר אויך?

— דיך אפשר אויך.

— וואָס זאָגט עוואַ צו מיין סטודענט?

מלך לאַבאַן האָט וואַרעם אַ בליק געטאָן אין עוואַס זייט:

— זי האָט דאָ גאָרנישט צו זאָגן עוואַ. עוואַ קען נאָר רעדן וועגן טאַשקענט, אָדער וועגן לעגענדעס פון ספרים.

עוואַ פּינעס האָט פארטראַכט געשוויגן, גלייך לאַבאַן וואָלט אַטאַקירט אַ לעגענדאַרע עוואַ. די אַטאַקע האָט ער ערשט דאַן געענדיקט, ווען צום טישל זענען צוגעקומען עטלעכע איטאַליענער מיט איטאַליענערינס, יונגע שילער פון שיעלע גלאַזגערס אָוונט־קלאַס. און יאַקאָב האָט פון ס׳ניי פאַרגעשלאָגן ארויסצופאָרן אין שיפּלעך.

# אינהאַלט:

זייט